## Gerechtigkeit (Vol. 20, Iss. 11)

### Keywords

International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish

### Comments

*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XX, No: 11. Jersey City, N. J., November, 1938 Price: 10 Cents

## שטימט פאַר דער לייבאָר פּאַרטיי

די אינטערנעשאַנעל פאָדערט אויף אַלע אירע מיטגלידער, וואָס זיינען בירגער אין לאַנד, אַז זיי זאָלן געהן דעם 8טען נאָוועמבער צו די וואַלען און שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאָר פּאַרטיי.

אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ איז די לייבאָר פּאַרטיי געוואָרען אַ גרויסער איינפלוסרייכער פּאָליטישער כח, און עס איז אין די אינטערעסען פון די אַרבייטער, אַז איר איינפלוס און ווירקונג זאָלן וואַקסען און ווערען גרעסער. עס איז די פּאַרטיי פון די אַרבייטער און זי קעמפט פאַר זייערע אינטערעסען.

די לייבאָר פּאַרטיי האָט אָפּגעהאַלטען אַ גרויסען זיג מיט אַ יאָר צוריק אין די וואַהלען פון דער שטאָט ניו יאָרק און זי דאַרף ביי די איצטיגע וואַלען אָפּהאַלטען נאָך אַ גרעסערען זיג. די איצטיגע וואַלען זיינען באַזונדערס וויכטיגע און עס איז דעריבער באַזונדערס וויכטיג, אַז די לייבאָר פּאַרטיי זאָל אין זיי זיגען. זאָל דעריבער יעדער מיטגליד פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס האָט אַ רעכט צו שטימען, ניט פאַרפעלען דינסטאַג, דעם 8טען נאָוועמבער, צו ערפילען זיין פליכט.

אויף דער לעצטער זייט פון דעם נומער „גערעכטיגקייט" איז אָנגעגעבען ווי אַזוי צו שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאָר פּאַרטיי און ווי צו שטימען פאַר די אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע פון ניו יאָרק סטייט.

⁂

## צו דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל

דער מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין דער צווייטער וואָך פון נאָוועמבער אין וואַשינגטאָן, וועט אויסער די פראַגען, וואָס האָבען צו טאָן דירעקט מיט די אינטערעסען פון אונזער גרויסער יוניאָן, אויך דאַרפען פאַרהאַנדלען אַ פראַגע, וואָס באַרירט די אינטערעסען פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. עס איז די פראַגע פון דער קאָנסטיטואַירענדער קאָנווענשאַן פון דער סי. אַי. אָ., וואָס דאַרף זיך עפענען דעם 1טען נאָוועמבער אין פּיטסבורג.

עס איז ניט בלויז די פראַגע אויב די אינטערנעשאַנעל זאָל זיך באַטייליגען אין דער קאָנווענשאַן אָדער ניט. אָט די פראַגע פאַר זיך וואָלט אפשר געווען גאַנץ לייכט צו אָנטשיידען, ווען זי וואָלט ניט געווען פאַרבונדען מיט אַ סך אַנדערע פראַגען, וואָס קומען נאָך איר.

די אינטערנעשאַנאַל האָט דורך איהר פּרעזידענט דייוויד דובינסקי ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען ערקלערט, אַז זי האָט זיך פאַרבונדען מיט דער סי. אַי. אָ. בלויז פאַר דעם צוועק צו העלפען אָרגאַניזירען די מיליאָנען אונאָרגאַניזירטע, וואָס זיינען פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען, צוליב דעם, וואָס איהר פאָרם פון אָרגאַניזאַציע — קראַפט יוניאָניזם — איז ניט צוגעפּאַסט צו די מאָדערנע אינדוסטריעס פון מאַסען פּראָדוקציע, אָבער בשום אופן ניט פאַר דעם צוועק צו שפּאַלטען די אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און צו שאַפען אַ צווייטע זעלבסטשטענדיגע צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל קאָנקורירען מיט דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר. עס איז דערפון קלאָר, וואָס עס דאַרף זיין די שטעלונג פון דער אינטערנעשאַנאַל צו דער קאָנווענשאַן פון דער סי. אַי. אָ. אין פּיטסבורג. עס איז אַ קאָנווענשאַן, וואָס האָט דעם צוועק צו שאַפען אָט די זעלבסטשטענדיגע פּערמאַנענטע צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס די אינטערנעשאַנאַל איז אַזוי אויסגעשפּראָכען געגען.

אָבער אַזוי איינפאַך איז די פראַגע דאָך ניט. די פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאַנאַל האָט זיך פון אָנפאַנג אָן נישט גענאַרט און האָט פאָראויסגעזעהען, אַז דער שטרייט וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר און די שאַפונג פון דער קאָמיטע פאַר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע (סי. אַי. אָ.) קען פירען צו אַ דואַל יוניאָן. אויף דעם פערטעל־יעהרליכען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנאַל, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין קליוולאַנד, אין אַ קורצער צייט נאָכדעם, ווי די סי. אַי. אָ. איז געשאַפען געוואָרען איז די פראַגע גאַנץ ברייט דיסקוטירט געוואָרען. פּרעזידענט דובינסקי האָט אויף יענעם מיטינג ערקלערט, אַז ער קאָן פאָראויסזעהן די געפאַר פון אַ דואַל יוניאָן, נאָר די אונטערנעמונג צו אָרגאַניזירען די מיליאָנען אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער איז אַזאַ וויכטיגע, אַז מען קען זיך פון איהר ניט אָפּזאָגען. מען וועט בלויז דאַרפען שטעהן אויף דער וואַך און אָנווענדען אַלע מעגליכע מיטלען די געפאַר פון אַ שפּאַלטונג צו פאַרמיידען.

די אינטערנעשאַנאַל האָט איהר פליכט ערפילט פון ביידע זייטען. זי האָט פיל מיטגעהאָלפען אין דעם קאַמפּעין פון דער סי. אַי. אָ. צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער פון די מאַסען־פּראָדוקציע אינדוסטריעס און זי האָט אויך אין דערזעלבער צייט געזוכט צו ווירקען מיט אַלע איהרע כחות, אַז דער ריס, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג, זאָל וואָס גיכער גאַנץ געמאַכט ווערען. פּרעזידענט דובינסקי האָט די גאַנצע צייט ניט אויסגעלאָזען קיין געלעגענהייט צו פּראָבירען צונויפצוברינגען די שטרייטענדע צדדים און שאַפען פרידען צווישען זיי. ליידער האָבען זיינע באַמיהונגען אין דעם פּרט פאַרלויפיג זיך ניט געקרוינט מיט דעם געווינשטען ערפאָלג, אָבער זיי טאָרען דאָך ניט אויפגעגעבען ווערען.

ווען עס זאָל זיך איצט איינגעבען צו שאַפען אַ פרידען צווישען דער א. פ. אָוו ל. און דער סי. אַי. אָ. וואָלט די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג אַרויסגעקומען פון איהר דריי־יעהריגען אינערליכען שטרייט אַ פיל פאַרשטאַרקטע. די צאָל פון אָרגאַניזירטע אַרבייטער האָט זיך אין דער צייט אַזוי גוט ווי פאַרדאָפּעלט. דער שטרייט מיט דער סי. אַי. אָ. האָט געוועקט ענערגיע און טעטיגקייט אין דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר. זי האָט זיך גענומען מיט אַ גאַנץ באַזונדערען אימפּעט צו אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט און איז געווען ערפאָלגרייך. די א. פ. אָוו ל. פאַרזיכערט, אַז איהר מיטגלידער צאָל איז היינט באַדייטענד גרעסער ווי אין דער צייט איידער זי האָט סוספּענדירט די יוניאָנס פון דער סי. אַי. אָ.

מיר נעמען זיך דאָ ניט אונטער צו אונטערזוכען אויף וויפיל עס זיינען פּינקטליך די ציפערען וואָס די א. פ. אָוו ל. גיט אָן וועגען איהר איצטיגער מיטגלידערשאַפט און די ציפערען, וואָס די סי. אַי. אָ. גיט אָן וועגען איהר מיטגלידערשאַפט. אָבער מיט אַלע קאָרעקציעס, וואָס יעדער צד מאַכט אין דעם אַנדערענס ציפער, קומט עס אַלץ אַרויס, אַז ביידע צוזאַמען האָבען איצט אַ ריזיגע צאָל אָרגאַניזירטע אַרבייטער, אַזאַ צאָל, וואָס די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג האָט עס ביז איצט קיינמאָל ניט געהאַט, און ווען עס זאָל זיך איצט איינגעבען צו ברייגנען פרידען צווישען די צוויי שטרייטענדע צדדים וואָלט די פאַראייניגטע אַרבייטער באַוועגונג פאַרגעשטעלט מיט זיך אָן אונגעהויער גרויסע מאַכט אין אַמעריקאַנער לעבען.

פאַר דער אינטערנעשאַנאַל, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו העלפען ברייגנען דעם געווינשטען פרידען, שטעהט איצט די פראַגע ווי אַזוי זי קען ווייטער ווירקען אין אָט דער ריכטונג. די אַרבייט פאַר פרידען וואָלט געווען אַ סך האָפנונגספולער, ווען די פירערשאַפט פון דער סי. אַי. אָ. וואָלט איצט ניט באַשלאָסען צו האַלטען אַ קאָנווענשאַן.

אַ נייער שטראַהל פון האָפנונג פאַר פרידען האָט זיך באַוויזען אין דער צייט פון דער קאָנווענשאַן פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר אין יוסטאָן. עס האָט פּאַסירט עטוואָס אונגעוויינליכעס. דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע האָט אַפּעלירט צו דעם פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר פאַר פרידען און איינִיגקייט אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. דאָס האָט ניט געקענט פאַרפעלען צו מאַכען אַ ווירקונג. זי האָט טאַקע גלייך געפונען דעם אויסדרוק דורך דעניעל טאָבין, דער פּרעזידענט פון דער טימסטערס יוניאָן, איצט די גרעסטע יוניאָן אין דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר. טאָבין איז אויף דער קאָנווענשאַן אַרויסגעטראָטען מיט אַ שטאַרקער רעדע פאַר פרידען. די כחות, וואָס האָבען די גאַנצע צייט געאַרבייט פאַר פרידען, האָבען באַקומען אַ גרויסע פאַרשטאַרקונג און די האָפנונגען, אַז אַ פרידען איז נאָהענט זיינען געוואָרען גרעסער. נאָר אין מיטען איז געקומען דער רוף פון דער סי. אַי. אָ. פאַר אַ קאָנווענשאַן און דאָס האָט שווערער געמאַכט דעם וועג צו פרידען.

די פראַגע פאַר דער אינטערנעשאַנאַל איז, אַלזאָ, ניט בלויז וועגען דער באַטייליגונג אין דער קאָנווענשאַן, נאָר ווי אַזוי אונטער די אומשטענדען צו געפינען דעם בעסטען וועג ווייטער צו ווירקען, אַז דער געהאָפטער פרידען זאָל וואָס גיכער קענען קומען.

⁂

צווישען די וויכטיגע פראַגען, וואָס עס וועט אויסקומען דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע צו פאַרהאַנדלען, וועט זיין די נעקסטע קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל.

די נעקסטע רעגולערע קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל דאַרף אָפּגעהאַלטען ווערען דעם קומענדיגען מאַי. עס הייסט, אַז עס איז איבערגעבליבען אין גאַנצען אָן ערך אַ האַלב יאָהר און מען דאַרף דעריבער זיך שוין אָנפאַנגען גרייטען צו איהר. עס האָט זיך אָבער ביי דער פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאַנאַל דערוועקט אַ פראַגע, אויב עס איז טאַקע דורכאויס נויטיג צו האַלטען אַ קאָנווענשאַן דעם נעקסטען מאַי. אַ קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל קאָסט אָפּ אַ גרויסע סומע געלד און עס נעמט אַוועק די מייסטע טוער פון דער יוניאָן פון זייער טאָג־טעגליכער רוטינער אַרבייט. נאָר ווען עס זיינען פאַראַן וויכטיגע פראַגען, וואָס דאַרפען פאַרהאַנדעלט און אָנטשיידען ווערען, קען עס ניט זיין קיין רייד וועגען אָפּלעגען אַ קאָנווענשאַן. זי מוז געהאַלטען ווערען אין צייט. ווי די לאַגע איז אָבער איצט זעהען זיך פאַרלויפיג ניט קיין באַזונדערס וויכטיגע פראַגען, פאַר וועלכע אַ קאָנווענשאַן זאָל זיין דורכאויס נויטיג. עס קען דעריבער זיין אַ סברא, אַז מען זאָל אָפּלעגען די קאָנווענשאַן אויף אַ יאָהר שפּעטער.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווען אַזאַ באַשלוס זאָל אָנגענומען ווערען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע ,יועט ער מוזען געהן צו אַ רעפערענדום אָפּשטימונג צו אַלע לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאַנאַל.

# פילע קלעימס פאר טויטע בענעפיט צוריקגעוויזען צוליב הינטער־שטעליגקייט אין דיוס

דער ערשטער באריכט וועגען קלעימס פאר טויטען בענעפיט, וואס די אינטערנעשאנעל האט אויסגעצאלט און צוריקגעוויזען, וואס וויים־פרעזידענט הערי וואנדער, טשערמאן פון דער טויטען בענעפיט קאמיטע, האט פארעפענטליכט, באווייזט, אז א באדייטענדע צאל קלעימס פאר טויטען בענעפיט ווערען צוריקגעוויזען איבער דעם וואס די פארשטארבענע מיטגלידער זיינען שולדיג געווען מער ווי דרייצען וואכען דיוס אין דער יוניאן. איבער דעם האבען זייערע יורשים פארלארען דאס רעכט איינצומאנען 150 דאלאר בענעפיט.

וויים־פרעזידענט וואנדער האט אויסגעדריקט באדויערען וואס די יורשים פון מאנכע פארשטארבענע מיטגלידער האבען פארלארען זייער רעכט צו בענעפיט דורך דעם פארזען. ער אפעלירט צו אלע מיטגלידער צו באקענען זיך מיט די רולס פון בענעפיט פאנד, וועלכע זיינען זייער איינפאך. די רולס קענען מיטגלידער קריגען אין אפיס פון לאקאל וואו זיי באלאנגען.

פאלגענדע איז א ליסט פון די טויטען בענעפיט קלעימס וואס זיינען אויסגעצאלט געווארען און די וואס זיינען צוריקגעוויזען געווארען און די אורזאכען:

| נאמען | דאטום | לאקאל | לעדושער | עלטער | אויסגעצאלט צו |
|---|---|---|---|---|---|
| מאראטשניק, מעקס — — — — | יולי 2 | 60 | 812 | 57 | אלמנה |
| טאלמאדזש, הימאן — — — | " 7 | 8 | 238 | 60 | טאכטער |
| סאטארין, פלארע — — — — — | " 8 | 100 | 3033 | 69 | ברודער |
| קעמפבעל, סוזי — — — — — | " 13 | 22 | 16476 | 51 | זון |
| קאריני, מערי — — — — — | " 13 | 188 | 923 | 23 | מוטער |
| מערקורי, קעטערין — — — — | " 17 | 150 | 2029 | 43 | מאן |
| ראזענפעלד, סעם — — — — — | " 18 | 22 | 30092 | 32 | אלמנה |
| אפסי, מעקס — — — — — — | " 21 | 35 | 396 | 66 | " |
| גרינבערג, הימאן — — — — — | " 25 | 22 | 40589 | 55 | " |
| בערנסטיין, בעני — — — — — | " 26 | 22 | 8180 | 50 | " |
| הילטאן, לעאן פאול — — — — | " 27 | 9 | 7397 | 52 | " |
| ריטשארדסאן, רעיזי — — — — | " 30 | 100 | 3621 | 54 | טאכטער |
| ענגעלסאן, מעקס — — — — — | " 31 | 117 | 5722 | 50 | אלמנה |
| קאנסיליערי, אנגא — — — — — | אויגוסט 1 | 89 | 6486 | 42 | מוטער |
| לעאוויט, דזשאן — — — — — | " 1 | 18 | 235 | 50 | אלמנה |
| קאלוואניקא, מ. — — — — — | " 11 | 89 | 22541 | 58 | מאן |
| שאפירא, יוסף — — — — — — | " 12 | 117 | 10182 | 50 | אלמנה |
| וועקסלער, דזשוליוס — — — — | " 17 | 22 | 22226 | 50 | " |
| וויזעלטיער, סעם — — — — — | " 17 | 117 | 3671 | 50 | " |
| לעיפסיג, סעמיועל — — — — | " 18 | 155 | 1424 | 62 | טאכטער |
| קעטערין, לאווער — — — — — | " 18 | 37 | 858 | 53 | מאן |
| דזשאסינקיעוויטשע, דזשאהן — | " 19 | 18 | 54 | 57 | פרוי |
| לאיאקאמא, בערנארד — — — — | " 22 | 145 | 2623 | 64 | " |
| סאריאנא, טעאדארע — — — — | " 24 | 89 | 2345 | 42 | " |
| פראסט, סאלאמאן — — — — — | " 27 | 20 | 1716 | 68 | זון |

צוריקגעוויזען קלעימס:

| נאמען | דאטום | לאקאל | לעדושער | עלטער | אורזאך פאר צוריקוויזען |
|---|---|---|---|---|---|
| סטוטמאן, מאריס — — — — — | אויגוסט 1 | 117 | 3166 | — | צוריקשטייענד אין דיוס |
| סטולצענבערג, ל. — — — — — | יולי 9 | 117 | 8932 | — | " " " |
| ספעקטאר, לואיס — — — — — | " 9 | 9 | 7559 | 52 | " " " |
| מאוי, מ. — — — — — — — | " 8 | 35 | — | — | " " " |
| מארקוס, דזשאן — — — — — | " 9 | 117 | 7900 | — | " " " |
| לעדוק, מ. — — — — — — — | " 11 | 112 | 1218 | — | ניט קיין יאר א מיטגליד |
| קלעוואנסקי, סאפיע — — — — | " 16 | 226 | 190 | — | צוריקשטייענד אין אסעסמענט |
| גאלדבערג, פיליפ — — — — — | " 26 | 117 | 4958 | — | צוריקשטייענד אין דיוס |
| גאלדבערג, בען — — — — — | " 25 | 117 | 1369 | — | " " " |
| עליאט, לילי — — — — — — | " 14 | 338 | 146 | 50 | ניט קיין יאר א מיטגליד |
| סעלענטאנא, פרייאנק — — — — | " 22 | 48 | 10822 | 65 | ניט קיין יאר א מיטגליד |

# ארבייטער פייערן פריעד'ס 50־יאריגען יובילעאום

שבת, דעם 10טען סעפטעמבער, האבען די ארבייטער פון די שעפער פון ברודער הערמאן פריעד'ס דיסטריקט, געגעבען אן עהרען־באנקעט צו פייערן זיין פופציג־יאריגען געבורסטאג און צען יאר פון זיין א באאמטער אין דער יוניאן.

עס זיינען געווען פארטראטען קאמיטעס פון אלע שעפער, וועלכע פריעד פארטרעט, ווי אויך א גרויסע צאל געסט פון ארגאניזאציעס, וועלכע זיינען געקומען באגריסען דעם יובילאר.

דער אווענט איז געעפענט געווארען פון ברודער נעט עפשטיין, טשערמאן פון דער ארענדזשמענטס קאמיטע, וועלכער האט אין א קורצער איינלייטונג באגריסט דעם יובילאר און האט פארגעשטעלט דעם טאסטמאסטער, ברודער מאריס האפמאן, וועלכער האט אין נאמען פון די ארבייטער פון די שעפער געדאנקט דעם יובילאר פאר דער גוטער ארבייט וואס ער האט געטאן ביז איצט, און געוואונשען אים נאך לאנגע יארען פון טעטיגקייט.

עס האבען נאכגעפאלגט באגריסונגען פון מאנכע טשערליים, ווי ברודער מ. שאץ, ברודער הערי איילאנד, העד־טשערמאן פון העפט'ס שעפער. עס האבען אויך באגריסט דעם גאסט רובין צוקערמאן, טשערמאן פון לאקאל 117; ברודער בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון אמעריקען דעפארטמענט; מאריס פיינבערג, מענעדזשער פון אינדאסטריעל קאונסיל און בענדזשאמין גאלוב, אסיסטענט מענעדזשער פון לאקאל 117.

ברודער טשארלי ארענסקי האט אין נאמען פון דעם סטעף פון דעם אמעריקען דעפארטמענט, פרעזענטירט דעם יובילאר מיט א זילבערנע סיגארעט קייס.

די פארזאמלטע האבען אוועקגעשיקט א טעלעגראמע צו ברודער ל. ליוויי, מענעדזשער פון לאקאל 117 מיט א וואונש פאר זיין גיכער ערהוילונג.

צום לעצט איז פארגעשטעלט געווארען דער יובילאר, ברודער פריעד, וועלכער איז זייער וואַרים אויפגענומען געווארען פון אלע פארזאמלטע, און אויף א געלונגענעם וועג געשילדערט די לאגע אין שאפ.

אויף זיין פארלאנג האבען זיך אלע אויפגעשטעלט אין אנדענק פון די וועלכע האבען געגעבען זייער לעבען פאר פרייהייט.

די ארענזשמענט קאמיטע האט באוויליגט $19.50 פאר די שפאנישע קרבנות.

ארענדזשמענטס קאמיטע:

נעט עפשטיין, טשערמאן.
מאריס האפמאן, סעקרעטער.
גערשון קופער, טרעזשורער.
מאריס שאץ, סעם שאפירא, טשארלי שניידערמאן, פ. בעקערמאן.

# ארבייטסלאזע וועלכע האבען געטופט אין אן אנדער סטייט קענען איצט קריגען זייער בענעפיט

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל מעלדעט, אז לויט אן אפמאך וואס עס איז איצט געשלאסען געווארען צווישען אלע סטייטס און טעריטאריעס פון די פאראייניגטע שטאטען, מיט דער אויסנאם פון אכט, קענען איצט ארבייטסלאזע, וואס האבען זיך אריבערגעצויגען פון איין סטייט אין א צווייטען, קריגען זייערע ארבייטסלאזע אינשורענס בענעפיט אין דעם סטייט וואו זיי וואוינען.

לויט דעם אפמאך, וואס איז אונטערגעשריבען געווארען, מעגען אזוינע ארבייטער, וועלכע זיינען בארעכטיגט צו ארבייטסלאזע בענעפיט אין א סטייט וואו זיי וואוינען מער ניט, זיך רעדזשיסטרירען אין דעם נייעם סטייט וואו זיי וואוינען. ווען אן ארבייטער, צום ביישפיל, האט געארבייט אין ניו יארק אין 1937 און האט זיך אריבערגעצויגען נאך קאליפארניע, קען ער קריגען זיין בענעפיט פון ניו יארק סטייט דורך אריינגעבען א אפליקיישאן אין קאליפארניע סטייט עמפלאימענט אפיס אין דער שטאט וואו ער וואוינט. דאס זעלבע מיט א ארבייטער וואס האט געטופט פון קאליפארניע אין ניו יארק. ער קען קריגען זיין בענעפיט דורך אויסגאנג אן אפליקאציע אין ניו יארק סטייט עמפלאימענט אפיס.

נאכדעם ווי אן ארבייטסלאזער מאכט זיין אפליקיישאן וועט ער זיך דארפען מעלדען וועכענטליך אין דעם פלאץ וואו ער האט אריינגעגעבען זיין אפליקאציע, אזוי לאנג ווי ער איז ארבייטסלאז און דער אפיס לאזט הערען דעם סטייט פון וואנען ער קומט, אז דער באטרעפענדער אפליקאנט איז נאך אלץ ארבייטסלאז און איז בארעכטיגט צו בענעפיט. די בענעפיט וואס אן ארבייטסלאזער קריגט איז, נאטירליך, לויט די געזעצע פון דעם סטייט וועלכער צאלט די בענעפיט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6068

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 10 [illegible] October, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1920 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

# פון צייט צו צייט

פון צביון

די קלאָוקמאַכער וויסען שוין איצט פאַר וואָס זיי האָבען קיין אַרבייט ניט דעם סעזאָן. דער וועטער איז שולדיג. עס איז אַזוי וואַרים, אַז די מיידלאַך און די ווייבער דאַרפען ניט קיין מאַנטלען. איז עס די קלאָוקמאַכער איצט גוט. זיי וויסען, אַז ניט זיי זיינען שולדיג אין דעם, וואָס זיי האָבען קיין אַרבייט ניט, נאָר עס איז דער וועטער. וואָלט עס געווען קאַלט וואָלטען די פרויען און זייערע טעכטער געמוזט קויפען מאַנטלען און עס וואָלט געווען אַרבייט פאַר די קלאָוקמאַכער, אָבער ווען עס איז הייס, טאָ ווער דאַרף מאַנטלען?

נאָר פאַר וואָס האָבען די דרעסמאַכער ניט קיין אַרבייט? דרעסעס טראָגען דאָך די פרויען און זייערע טעכטער אַפילו ווען עס איז הייס. און נאָך מעהר. ווען עס איז הייס און מען קען ניט טראָגען קיין מאַנטלען טראָגט מען דאָך מעהר אָפּ די דרעסעס. טאָ ווער איז שולדיג אין דעם וואָס די דרעסמאַכער האָבען קיין אַרבייט נים?

נאָר צוריקרעדענדיג, וואָס קומט עס אַרויס די קלאָוקמאַכער, אַז זיי וויסען שוין, אַז גאָט'ס וועטערען זיינען שולדיג אין דעם, וואָס זיי האָבען קיין אַרבייט ניט, וועט זיי גאָט דערפאַר אַרויסצאָהלען?

נאָר עס איז פאַראַן אַ סברא, אַז דער איצטיגער סעזאָן איז ניט איבריגענס ערגער פון דעם פאַראַיאָריגען אין דער צייט. וויניגסטענס זיינען פאַראַן ציפער וואָס ווייזען עס. נאָר דאָס איז אַ גאַנץ קליינער טרייסט, ווייל דער פאַראַיאָריגער סעזאָן איז אויך געווען שלעכט גענוג.

אייגענטליך זיינען די סעזאָנען שוין שלעכט און ערגער פאַר מעהרערע סעזאָנען. ווען עס מאַכט זיך אַ מאָל אַ בעסערער סעזאָן איז דאָס אַן אויסנאַם. דער איצטיגער קלאָוקמאַכער סעזאָן האָט, לויט דער אַלגעמיינער לאַגע אין לאַנד, געדאַרפט זיין אַ בעסערער ווי דער פאַראַיאָריגער. די אַרמיי פון די אַרבייטסלאָזע איז אַ ביסעל פאַרקלענערט געוואָרען און אין מאַנכע אינדוסטריען איז עס גאַנץ „ביזי". איינע פון זיי איז די אויטאָמאָביל אינדוסטריע, וועלכע ווערט די גאַנצע צייט פון דעם לאַנגען קריזיס באַטראַכט פאַר אַ מאָס מיט וועלכער מען קען באַשטימען, אויב די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד ווערט בעסער אָדער ערגער.

דער אויטאָמאָביל אין אַמעריקע האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ לוקסוס זאַך. ער איז גיכער געוואָרען איינער פון די נויטיגע געברויכס־אַרטיקלען. נאָר ווען די צייט איז שלעכט מאַטערט מען זיך מיט דעם אַלטען אויטאָמאָביל און מען צווינגט אים צו אַרבייטען, ווען ער דערגרייכט אַפילו שוין דעם עלטער וואָס באַרעכטיגט אים צו רוה. ווען די צייט ווערט אָבער בעסער זוכט מען אויסצובייטען די אַלטע פריהערדיגע מאַשינקע אויף אַ נייע. מען קען דעריבער אָננעמען דעם פאַקט, וואָס אין דער אויטאָמאָביל אינדוסטריע איז געוואָרען מעהר אַרבייט, פאַר אַ צייכען אַז די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד איז אַ ביסעל בעסער געוואָרען. עס זיינען אויך פאַראַן אַנדערע צייכענס, וואָס ווייזען עס. אָבער וואָס העלפען די אַלע צייכענס, ווען ביי קלאָוקס און ביי דרעסעס איז דאָך קיין אַרבייט ניטאָ.

דער שכל איז דאַכט זיך מחייב, אַז ווען די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד ווערט אַ ביסעל בעסער דאַרף זיך עס גלייך לאָזען פיהלען אין די באַקליידונגס־טרעידס, באַזונדערס אין די פרויען באַקליידונג טרעידס, ווייל וואָס איז נויטיגער ווי קליידונג? אַזוי, דאַכט זיך, קומט אויס לויט דעם פשוט'ען שכל, אָבער עס זעהט אויס, אַז אויך דער שכל ליידט פון קריזיס.

נאָר אפשר ווענדט מען טאַקע אַן צו דעם קלאָוק טרעיד ניט דעם ריכטיגען שכל. די לאַגע אין קלאָוק טרעיד האָט זיך געענדערט און דער קלאָוק טרעיד גופא האָט זיך געענדערט. און עס איז ניט בלויז דער קלאָוק טרעיד, וואָס האָט זיך געענדערט, נאָר אויך אַלע אַנדערע טרעידס ענדערען זיך. ניט מעהר אין די אַנדערע טרעידס זיינען די ענדערונגען געווען שנעלע, עס זיינען פאָרגעקומען פולשטענדיגע איבערקערענישען אין אַ קורצער צייט, בעת אין דעם קלאָוק טרעיד איז די ענדערונג פאָרגעקומען לאַנגזאַם, אָבער זי איז פאָרגעקומען.

איך נעם אָן, אַז די ענדערונגען אין קלאָוק טרעיד, וועלכע זיינען ניט גינסטיג פאַר די קלאָוקמאַכער, זיינען דעריבער געקומען אַזוי לאַנגזאַם, ווייל די קלאָוקמאַכער זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט, האָבען געהאַט אַ שטאַרקע יוניאָן און האָבען ענערגיש געקעמפט פאַר זייערע איינגענומענע פאָזיציעס. אָבער אין גאַנצען פאַרהאַלטען דעם גאַנג פון דער צייט האָבען זיי דאָך ניט געקענט. און עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דער קאַמף דאַרף אָנגעהאַלטען ווערען ווייטער. וואָרום אויב מען קען אַפילו ניט אָפּהאַלטען דעם גאַנג פון דער צייט, קען מען אָבער דאָך פאַרלאַנגזאַמערען זיין טעמפאָ. די לאַגע פון די קלאָוקמאַכער וואָלט געווען היינט נאָך אַ סך ערגער, ווען ניט זייער שטענדיגער קאַמף.

⁂

דער קאַמף וואָס די אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר פירט אָן געגען דעם וואַגנער־געזעץ, אַז ער זאָל געענדערט ווערען, איז זעהר אַ קורצזיכטיגער. עס מעג אמת זיין, אַז מאַנכע אַנטשיידונגען פון דער „נעשאָנאַל לעיבאָר רילעישאַנס באָאַרד", וואָס האָט די אויפזיכט אויף דער דורכפירונג פון וואַגנער־געזעץ, זיינען ניט געווען גינסטיג פאַר דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר, אָבער דאָס איז ניט געווען אין איהרע שטרייטען מיט די אונטערנעמער, נאָר אין איהר שטרייט מיט דער סי. אַי. אָ.

די פיהרער פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר באַהויפטען, אַז די נעשאָנאַל לעיבאָר רילעישאַנס באָאַרד איז פריינטליך צו דער סי. אַי. אָ. און זי נוצט אויס דעם וואַגנער געזעץ צו גונסטען פון דער סי. אַי. אָ. אין איהר קאַמף מיט דער א. פ. אָוו ל. אָבער ווען מען זאָל אַפילו גלויבען, אַז דאָס איז אַזוי, דאַרף דאָך די א. פ. אָוו ל. ניט באַקעמפען דעם וואַגנער געזעץ, וואָס איז אַזאַ גרויסער געווינס פאַר די אַרבייטער. וועט דאָך דער שטרייט צווישען דער א. פ. אָוו ל. און דער סי. אַי. אָ. שטענדיג ניט אָנהאַלטען. עס מוז דאָך און עס וועט דאָך ענדליך געשלאָסען ווערען פרידען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

עס איז אמת, אַז די א. פ. אָוו ל. פאַרלאַנגט ניט די אָפּשאַפונג פון וואַגנער געזעץ, זי פאַרלאַנגט בלויז ענדערונגען. עס איז אָבער דאָ די געפאַר, אַז ווען מען וועט אָנפאַנגען אַמענדירען און „אויסבעסערען" דעם וואַגנער געזעץ וועלען די געזעץ־געבער זיך ניט אָפּשטעלען ביי די ענדערונגען, וואָס די א. פ. אָוו ל. פאַרלאַנגט, נאָר זיי וועלען געהן ווייטער, ווייל אויך די באַלעבאַטים פאָדערען ענדערונגען. די באַלעבאַטים זאָגען, אַז פאַר זיי איז דער וואַגנער־געזעץ גאַנץ באַזונדערס שלעכט און זיי באַקלאָגען זיך אויף דער נעשאָנאַל לעיבאָר רילעישאַנס באָאַרד נאָך אַ סך מעהר ווי די א. פ. אָוו ל. און די [illegible] האָבען גאַנץ איינפלוסרייכע פאַרטרעטער אין קאָנגרעס און ווען מען וועט אָנפאַנגען אַמענדירען און „איינבעסערען" דעם וואַגנער־געזעץ דאַרף מען מורא האָבען, אַז עס וועט פון איהם ווייניג בלייבען פאַר די אַרבייטער.

⁂

דאָס געזעץ וועגען אַ מאַקסימום אַרבייטס־וואָך און אַ מינימום אַרבייטס־לוין, וואָס איז איצט אַריין אין קראַפט, האָט גאַנץ שטאַרק אַנגעריירט די וואָל־סטריט באַנקירען און אַפילו זייער הייליגען טעמפעל דאָרטען — די בערזע, אָדער „סטאָק עקסטשיינדזש", ווי מען רופט עס אויף אונזער אַמעריקאַנער לשון.

איהר מעגט זיך וואונדערען און פרעגען: איז עס מעגליך, אַז אין וואָל סטריט, וואו מען אָפּערירט מיט ביליאָנען דאָלאַרס, זאָלען זיך געפינען אַזעלכע, וואָס ווערען אַזוי עקספּלואַטירט, אַז זיי אַרבייטען מעהר ווי 44 שטונדען אַ וואָך פאַר אַן אַרבייטס־לוין פון ווייניגער ווי 11 דאָלאַר אַ וואָך? איז עס טאַקע אַ וואונדער, אָבער עס איז דאָך אַ פאַקט.

עס איז אַן אַלטע געשיכטע, אַז באַנקירען האָבען ליב צוויי זאַכען — נעמען גרויסע פראָצענטען און צאָהלען קליינע וויידזשעס.

אַ סך האָבען געמיינט, אַז דאָס געזעץ וועגען אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־וואָך וועט האָבען אַ וויכטיגע באַדייטונג בלויז אין די זידליכע שטאַאַטען פון אַמעריקע, וואו דער אַלטער גייסט פון שקלאַפען־טרייבעריי איז נאָך ניט אין גאַנצען אָפּגעשטאָרבען. דאָרטען אין דער „געבענשטער" סאָוטה איז 25 סענט פאַר אַ שטונדע אַרבייט אַ הויכער פרייז און 44 שטונדען איז אַ קורצע אַרבייטס־וואָך. דעריבער האָבען די קאָנגרעס פאַרטרעטער פון די באַלעבאַטים פון דער געבענשטער סאָוטה אַזוי שטאַרק געקעמפט געגען דעם לוין און שטונדען געזעץ. ווי מען זעהט אָבער איצט, איז עס ניט בלויז די סאָוטה, וואו די עקספּלואַטאַציע פון אַרבייט איז גרויס, נאָר עס זיינען פאַראַן ווינקעלעך אין די אַנדערע טיילען פון אונזער גרויסער אַמעריקע, וואָס קענען זיך אין דעם פרט פאַרמעסטען מיט דער סאָוטה. אַפילו אין אונזער ניו יאָרק זיינען פאַראַן אַזעלכע ווינקעלעך.

און אָט ווערט טאַקע דער גרויסער ברייטער אַמעריקאַנער עולם באַקאַנט וואָס פאַר אומפאַרשעמטע עקספּלואַטאַציע עס ווערט אָנגעפירט פון דער וועסטערן טעלעגראַף יוניאָן אין באַצוג צו די „מעסענדזשער באָיס".

מען רופט זיי געוויינליך אַלעמען מיט דעם נאָמען „באָיס". אין דער אמת'ן אָבער זיינען צווישען אָט די „באָיס" פאַראַן אַ סך אַזעלכע, וואָס לויט זייער עלטער האָבען זיי שוין באַלד געקענט זיין זיידעס.

די וועסטערן יוניאָן צאָלט די מייסטע פון אירע מעסענדזשער באָיס אַרום 10 סענט אַ שטונדע. נאָר פאַר אַ סך איז אויך דאָס נאָך צופיל און עס קומט זיי אויס, דורך אַראָפּרעכענונג פון אַרבייטס־צייט, אין אַ דורכשניט 8 און אַ האַלב סענט אַ שטונדע. דערפון דאַרפען זיי נאָך צאָלען 6 סענט אַ טאָג פאַר דעם יוניפאָרם וואָס די קאָמפּאַני גיט זיי.

נאָר די וועסטערן יוניאָן שעמט זיך ניט מיט אָט דער אומדערהערטער עקספּלואַטאַציע. אין געגענטייל. זי פאַרלאַנגט, אַז איר זאָל געגעבען ווערען די פּריווילעגיע עס ווייטער צו טאָן און אַז דער לוין און שטונדען געזעץ זאָל צו איר ניט אָנגעווענדעט ווערען, וואָרים אויב ניט וועט זי זיין געצוואונגען אָפּצוזאָגען עטליכע טויזענד פון אירע מעסענדזשער באָיס און באַרויבען זיי פון דער געלעגענהייט צו ווערען אַמאָל באַרימטע מיליאָנערען, ווי קאַרנעגיע, למשל, וואָס איז אין זיינע יונגע יאָרען געווען אַ מעסענדזשער באָי ביי דער טעלעגראַף קאָמפּאַני. (דאָס איז בוכשטעבליך געווען אַן אַרגומענט פון די פאַרטרעטער פון דער קאָמפּאַני).

אגב האָט דאָס געזעץ וועגען לוין און שטונדען אַ וויכטיגען צוגאָב — דעם פאַרבאָט פון קינדער אַרבייט. אמת טאַקע, עס איז אַ פאַרבאָט, וואָס רירט ניט אָן קיין לאָקאַלע אינדוסטריען און אונטערנעמונגען, נאָר בלויז אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט די אַנדערע שטאַאַטען פון אַמעריקע (אינטערסטייט), אָבער פאַרלויפיג, אידער עס איז נאָך דורכגעפירט געוואָרען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע, וואָס פאַרבאָט קינדער־אַרבייט, איז דער צוגאָב צום לוין און שטונדען געזעץ אַ גאַנץ וויכטיגער. און זיינען דאָך די גרויסע אינדוסטריען פון לאַנד און די גרויסע געשעפטליכע אונטערנעמונגען אַלע אַזעלכע, וואָס געהען אַרויס פון די גרעניצען פון דעם שטאַאַט וואו זיי געפינען זיך. די אויטאָמאָבילס וואָס ווערען געמאַכט אין מישיגען ווערען פאַרקויפט איבער גאַנץ אַמעריקע. די שטאָל, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין פּענסילווייניע, אָדער די קוילען, וואָס ווערען דאָרט אויסגעגראָבען, ווערען געברויכט אויך אין די אַנדערע שטאַאַטען פון אַמעריקע. די באַנקען פון ניו יאָרק און די בערזע אין וואָל סטריט זיינען ניט קיין לאָקאַלע ניו יאָרקער אונטערנעמונגען, נאָר זיי פירען געשעפטען מיט גאַנץ אַמעריקע.

דאָס לוין און שטונדען געזעץ איז ווייט ניט דאָס, וואָס איז פון אָנפאַנג געפּלאַנט געוואָרען פון די אַרבייטער און זייערע פריינד. קיין אַנדער סאָציאַלער געזעץ־פּראָיעקט האָט ניט באַגעגענט אַזאַ שטאַרקע געגנערשאַפט אין קאָנגרעס. עס איז פון אים בלויז אַ שאָטען געבליבען, ווען ער איז אַן „אויסגעבעסערטער" ענדליך אָנגענומען געוואָרען און איז געוואָרען אַ געזעץ. אָבער דאָך, אַפילו אין זיין איצטיגען אויסגעמאָגערטען און אויסגעמאַרטערטען געשטאַלט באַדייט עס דאָך אַ שריט ווייטער אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַלער געזעצגעבונג.

⁂

סעקרעטערי הענרי וואָלאַס פון אַגריקולטור דעפּאַרטמענט וועט ענדליך מוזען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַן אויסגעריבענע, אויסגעטראָגענע קאַפּאָטע קען מען ניט אויסלאַטענען. נאָר דאָס בעסטע איז עס אַרויסצוואַרפען.

הענרי וואָלאַס איז איינער פון די דענקענדע פּראָגרעסיווע מענשען אין רוזוועלט'ס אַדמיניסטראַציע, אָבער אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגענומען אין זיין דעפּאַרטמענט צו פאַרבעסערען די לאַגע פון דעם אַמעריקאַנער פאַרמער איז געווען זעהר ווייניג ערפאָלגרייך. זיין הויפּט אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, איז געווען צו הייבען די פרייזען פון אַגריקולטור פּראָדוקטען, כדי די

## דער אורטייל פון דער יוניאן געגען דער גרופע פון „יוניאן אוואנגארד"

דער שטראף אורטייל פון דער קאמיטע פון דער גענעראל עקזעקוטיווע געגען דער גרופע, וואס האט ארויסגעגעבן דעם „יוניאן אוואנגארד", איז דער ערשטער אין זיין מין זינט די קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנעל אין אטלאנטיק סיטי האט באשלאסען, אז גרופען און קלובס זיינען אין דער יוניאן פארבאטען.

די אינטערנעשאנעל האט געגעבן די גרופען און די קלובס גענוג צייט זיך צו ליקווידירען און אויפצוגעבען זייער עקזיסטענץ. זי האט געווארענט איין מאל און א צווייטען מאל. זי האט געלאזט וויסען וועגען דעם די מיטגלידער דורך איר פרעסע און דורך ספעציעלע צושריפטען צו די לאקאלס. און כדי אויסצומיידען מיספארשטענדנישען, האט די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנעל אויף איר מיטינג אין מינעאפאליס אנגענומען א רעזאלוציע, אין וועלכער עס ווערט מיט א באזונדער קלארקייט אויסגעטייטשט וואס דער פארבאט פון דער קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי האט געמיינט. און אט די רעזאלוציע פון דער גענעראל עקזעקוטיווע איז ווידער אמאל באקאנט געמאכט געווארען צו די מיטגלידער אויפ'ן ברייטסטען אופן דורך דער פרעסע און דורך ספעציעלע צושריפטען צו די לאקאלס. די מיטגלידער פון דער גרופע, וואס האבען ארויסגעגעבען דעם „יוניאן אוואנגארד", האבען, אלזא, גוט געוואוסט וועגען דעם פארבאט פון גרופען אין דער יוניאן. זיי האבען אויך גוט געוואוסט, אז די אינטערנעשאנעל איז אנטשלאסען איר פארבאט דורכצופירען און צו מאכען איין מאל פאר אלע מאל א סוף פון די גרופען און פון זייער שעדליכער ווירקונג. די גרופע האט דעריבער געדארפט דערוואַרטען, אז זי וועט ענדליך געטראפען ווערען צו פאראנטווארטליכקייט און קריגען איר שטראף.

דער אורטייל וואס איז ארויסגעגעבען געווארען געגען דער „יוניאן אוואנגארד" גרופע, וועט זיין א קאנקרעטע ווארנונג פאר אלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל, אז די באשלוסען פון דער יוניאן מוזען דורכגעפירט ווערען און אז די דיסציפלין פון דער ארגאניזאציע מוז אפגעהיט ווערען.

און ביי דער געלעגענהייט ווילען מיר אויך זאגען א ווארט וועגען דעם „יוניאן אוואנגארד" גופא.

אייגענטליך פאר וועלכען צוועק איז עס פאר דער גרופע געווען נויטיג ארויסצוגעבען אן אייגענע צייטונג? וואס זיינען געווען די יוניאן פראגען, וואס זיינען ניט באהאנדעלט געווארען אין דער אפיציעלער פרעסע פון דער יוניאן, אז די גרופע האט געדארפט ארויסגעגעבען אן אייגענע צייטונג?

מיר באהויפטען, אז עס איז ניטא קיין איינציגע פראגע פון אונזער יוניאן, וואס זאל ניט באהאנדעלט ווערען אין דער „גערעכטיגקייט", אדער וואס קען ניט באהאנדעלט ווערען אין דער „גערעכטיגקייט". יעדער איינציגער מיטגליד פון דער יוניאן, וואס האט עפעס צו זאגען וועגען דער יוניאן אדער עפעס צו קריטיקירען געפינט אלע מאל פלאץ אין דער „גערעכטיגקייט". די רעדאקציע פון דער „גערעכטיגקייט" דערווארט ניט, אז די באלמעלאכעס פון שאפ זאלען זיין גוטע שרייבער. שרייבען דארף מען פונקט אזוי קענען ווי מאכען קלאוקס אדער דרעסעס. די רעדאקציע איז דעריבער מער פאראינטערעסירט אין דעם וואס מען שרייבט צו איר, איידער אין דעם ווי מען שרייבט. דעם „ווי" קען זי שוין צורעכט מאכען. דאס איז איר ארבייט. איז אבער די מעשה, אז זעהר ווייניג האבען צו זאגען עטוואס, וואס אנדערע האבען שוין ניט געזאגט פאר זיי. און ערגער איז, וואס א סך זיינען ניט אויסען עטוואס צו זאגען, נאר אימיצען ארייצוזאגען. און פאר דעם איז אין דער „גערעכטיקייט" קיין פלאץ ניטא.

די אלע יוניאן פראגען, וואס זיינען באהאנדעלט געווארען אין „יוניאן אוואנגארד" זיינען באהאנדעלט געווארען ניט איין מאל נאר מערערע מאל אין דער „גערעכטיגקייט", סיי רעדאקציאנעל, סיי אין צושריפטען פון מיטגלידער פון דער יוניאן. ניט מער, די שפראך איז געווען אן אנדערע. דער „יוניאן אוואנגארד" איז דעריבער ניט ארויסגעגעבען געווארען פאר דעם צוועק צו דיסקוטירען יוניאן פראבלעמען, נאר פאר דעם צוועק ארייצוזאגען, ארייצושטעכען און ארונטערצורייסען. ער איז געווען ניט פאר דעם צוועק פון ארויסצוזאגען פריי א מיינונג, נאר פאר דעם צוועק פריי צו רייבען א מארדע און ארייצופארען אין דער זיבעטער ריפ.

מיר ווילען דעריבער נאך אמאל זאגען, אז יעדער מיטגליד, וואס האט עפעס צו זאגען וועגען וועלכער עס איז פראגע פון דער יוניאן, וואס האט דעם ווערט געדרוקט צו ווערען, וועט געפינען פלאץ אין דער „גערעכטיגקייט".

***

## צום 25־יעריגען יובילעי פון לאקאל 91.

די טשילדרענס דרעס מייקערס יוניאן, לאקאל 91, וואס איז אמאל געווען איינע פון די קלענסטע ארגאניזאציעס אין דער אינטערנעשאנעל און היינט פון די גרעסטע, פייערט איר 25־יעריגען געבורטסטאג.

אין 1913, ווען לאקאל 91 איז געגרינדעט געווארען, איז עס געווען א קליינע, שוואכע ארגאניזאציע, וואס האט געדארפט פירען א שווערען, ביטערען קאמף פאר איר עקזיסטענץ. היינט איז לאקאל 91 איינע פון די גרויסע, שטארקע יוניאנס אין דער אינטערנעשאנעל, וואס קען דינען פאר א מוסטער אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

אייגענטליך אום צו זיין היסטאריש פינקטליך דארף מען דערצעהלען, אז מיט 25 יאהר צוריק איז ניט געגרינדעט געווארען לאקאל 91, נאר די צווי לאקאלס 50 און 41, וועלכע זיינען שפעטער פאראייניגט געווארען און האבען געקראגען דעם נומער 91. מען האט נעמליך צונויפגעלייגט די צוויי נומערען 50 און 41 און עס איז געווארען 91. אבער אט די קליינע היסטארישע באמערקונג דערצעהלט בלויז ווי אזוי דער נומער 91 איז געשאפען געווארען, וואס איז אבער שייך צו דער יוניאן גופא איז זי פאקטיש דיזעלביגע.

מיר האבען לאקאל 91 דא אויבען אנגערופען מיט דעם נאמען „טשילדרענס דרעס מייקערס יוניאן". דאס איז אייגענטליך ניט זיין פולער נאמען. אט דעם נאמען האט לאקאל 91 געקראגען ביי זיין געבורט. איצט איז זיין נאמען „טשילדרענס דרעס, אינפאנטס ווער, האוז־דרעסעס ענט באטה־ראוב מייקערס יוניאן". אט דער לאנגער נאמען זאגט אונז, אז לאקאל 91 נעמט איצט ארום א סך א ברייטערען פעלד און אז ער האט אויסגעשפרייט זיין טעטיגקייט און זיין ארגאניזאציאנס ארבייט אויך אויף אנדערע טרעידס, וואס זיינען פריהער געווען ווייניג ארגאניזירט.

און מיט דער פייערונג פון דעם 25־יעריגען יובילעי פון לאקאל 91 ווערט אויך געפייערט דער 25־יעריגער יובילעי פון דער יוניאן טעטיגקייט פון זיין מענעדזשער, וויס־פרעזידענט הערי גרינבערג, וואס איז געשטאנען ביי דער געבורט פון לאקאל 91 און וואס איז אויף זיינע הענט אויסגעוואקסען. ס'קומט אים דער אונבאשטרייטבארער קרעדיט פארן וואוקס פון דער ארגאניזאציע, פאר איר אנגעזעהענעם פלאץ וואס זי פארנעמט אין דער אינטערנעשאנעל און אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג אין אלגעמיין. עס איז געווען וויס־פרעזידענט גרינבערג'ס ענערגישע ארבייט, זיינע ארגאניזאטארישע פעהיגקייטען און זיין פירערשאפט, וואס האט געהאלפען מאכען לאקאל 91 גרויס און שטארק און אזוי פילזייטיג אין זיין טעטיגקייט.

מיר באגריסען לאקאל 91 צו זיין 25־יעריגען געבורטסטאג און מיר באגריסען וויס־פרעזידענט הערי גרינבערג צו זיין 25־יעריגען יובילעי פון ערפאלגרייכער יוניאן טהעטיגקייט. מיר ווינשען זיי ביידען ווייטערדיגען ערפאלג און א לאנגען צוזאמענלעבען.

---

מאני לייב:

## דאס ליד פון שטילע העלדן

פארן אזעלכע העלדען וואס קיינער זעט זיי ניט.
זיי גייען דורך דעם לעבען מיט שטילע טריט,
און גייען. און פארגייען צו זייער לעצטער רו,
וואו אונזער ערד די מאמע אויף אייביק דעקט זיי צו.
און ניט מען זינגט זיי לידער און ניט מען קריצט אויף שטיין
מיט גאלד־שריפט זייער נאמען, פארלארען זאל ניט גיין
פאר מענשען זייער לעבען אין אייביק אריין,
אז זייער העלדיש לעבען זאל אונז א ביישפיל זיין.
נאר ווער עס האט אן אויער און אויך א הארץ וואס פילט,
און ווער עס האט זיין לעבען אין ווינד און ווי פארשפילט,
און ווער עס האט א טרער נאך, — קומט זינגט דא מיט מיר מיט
מיין ליד פון יענע העלדען, וואס קיינער זעט זיי ניט.

---

די שטאט איז שיין און פריילאך, די שטאט איז גרויס און רייך,
די שטאט איז רייך און פריליך — נאר ניט פאר יעדען גלייך:
פאר איינעם איז זי פריילאך — א יום־טוב און א באל,
פאר איינעם נאר א תפיסה, א תפיסה אהן א שטראל,
נאר פאר די הארעפאשנע מיט הענט וואס זיינען שטארק —
פאר זיי אין שווערען לעבען די שטאט איז נאר א מארק,
א גרויסער מארק פון ארבייט, וואו הענדל־האנדל ברענט
פאר ארבייט צו פארקויפען די הארעפאשנע הענט.
און אויף דעם מארק פון ארבייט פון יעדען ווינקל שטאט,
פארשעמטע און פארלארען, אליין, אויף גאטס באראט,
זיי קומען אויך פארקויפען אין גרויסען מארק אהער
די מידע הענט צו ארבייט מיט נאדעל און מיט שער.
זיי זיינען ווייבער, מאמעס, ניט יונג און נאך ניט אלט:
די פרישע פארב פון פנים האט האלב שוין אפגעשטראלט.
א גרויער־ווייסער לעקעל פון זייער מידען קאפ
אויף קנייטשלאך פון די באקען פאלט שעמעוודיק אראפ,
אהן ברען די מאטע אויגען, זיי קוקען האלב פארשעמט
און לייכטען מיט דעם ווייטאג וואס זייער הארצען קלעמט.
און אויף דעם מארק פון ארבייט באקאנט איז זיי דער וועג;
זיי האבען אים פארלארען אין בלי פון יונגע טעג,
זיי האבען אים פארלאזען און מיט דעם גאלד'ן בריק
געגאנגען בויען לעבען, וואו פרויען שפינען גליק...
זיי האבען נעסטעך־היימען און לופטשלעסער געבויט;
ניט אויף די ווייטע וואלקען, וואו הויכער הימעל בלויט,
נאר אויף דער ערד דער הארטער. געלייגט דא שטיין צו שטיין,
געהאפטיגט זיי מיט ליבשאפט מיט מי און בלוט אוןביין.
און מיט דעם בלוט פון לעבען, מיט בלוט פון זייער טראכט
אין פיין און ליבשאפט קינדער אויף אונזער וועלט געבראכט;
און מיט דער זארג פון מאמעס, וואס מאמעס האבען נאר,
דורך פרייד און נויט און ליידען פון אונזער שווערער וואר
דערלעבט די פרייד פון קינדער — געמאכט פון קינדער לייט...
נאר מאמעס בלייבען עלענט אהן קינדער ביי דער זייט,
מיט עלענט אין די היימען, מיט נויט וואס טרייבט ארויס
צום גרויסען מארק פון ארבייט, וואס איז ווי נויט די גרויס...
און אויף דעם מארק פון ארבייט — זיי ברענגען מידע הענט
וואס שמעקען נאך מיט היימען, מיטווארעמקייט פון ווענט...
זיי קומען דא פארלארען, די אויגען מיד, פארשעמט,
און לייכטען מיט דעם ווייטאג וואס זייער הארצען קלעמט.

***

...איז ווער עס האט אן אויער און אויך א הארץ וואס פילט,
און ווער עס האט זיין לעבען אין ווינד און ווי פארשפילט,
און ווער עס האט א טרער נאך — קומט, זינגט דא מיט מיר מיט
מיין ליד פון יענע העלדן, וואס קיינער זעט זיי ניט.

# וואס איז דאס אזעלכעס אמעריקאניזם?

פון ש. יאנאווסקי



פשר ווייסט איהר דעם ריכטיגען טייטש פון אמעריקאניזם, אמעריקאנישקייט, מוז אבער דער שרייבער פון די שורות, זיין גאנץ אפענהערציג מיט אייך און ערקלערען, אז ער איז שטארק מבולבל אין דעם ענין.

אמת, פון אויבען אויף קאן זיך אפדוכטען, אז דאס איז גארניט אזא שווערער פארפלאנטערטער ענין, איבער וועלכען מען זאל זיך דארפען דעם קאפ ברעכען, ווארים, ווי די מעשה איז, ווייס דאך יעדער אז אמעריקאניזם מיינט פונקט דער היפוך פון אלץ, וואס מען פארשטעהט אונטער די ווערטער: נאציזם, פאשיזם, דיקטאטור. אמעריקאניזם וועט אייך יעדער פאטריאט ערקלערען, מיינט פרייהייט פון ריידען, פרייהייט פון שרייבען, פרייהייט פון פארזאמלען זיך. נאטירליך,. אמעריקאניזם, דאס מיינט די בעסטע און לעבענס־וויכטיגסטע פרייהייט־טראדיציעס פון אמעריקע. ווער ווייסט עס ניט? און אויב עס זיינען דא אזעלכע, וועלכע ווייסען עס ניט קאן מען און מען זאל זיי טאקע נאר באדויערען.

איז דאס טאקע טיילוויז אמת, אבער איז טאקע נאר דאס אמעריקאניזם?

איהר פארשטעהט, ווען איהר זאגט. למשל, טרייד־יוניאניזם, ווייסט איהר אז דאס איז אזא לעהרע וועלכע ערקלערט די דרינגליכקייט און נויטווענדיגקייט פון ארבייטער־איינינקייט און דאס יעדער איינער וואס טרייט צו מאכען שפאלטונגען צווישען די ארבייטער איז אן ארבייטער־שונא. דאס זעלבע ווען איהר זאגט, למשל, סאציאליזם, ווייסט איהר, אז דערמיט מיינט מען אזא ארדנונג, אין וועלכע די איינפירונג פון פראפיט זאל גענצליך אפגעשאפט ווערען, און וואס זאל זיין פונקט דער היפוך פון קאפיטאליזם, אונטער וועלכען, אונטער די בעסטע אומשטענדען ווערט א דריטעל פון דער באפעלקערונג געצוואונגען צו א לעבען פון דחקות און נויט. אבער ווען איינער זאגט אמעריקאניזם, און דערצו שרייט ער נאך אויס, אז ער וויל גארניט וויסען פון אנדערע „איזמען", ווייל אמעריקאניזם שליסט פאר איהם איין אלעס. גוטער אמעריקאניזם איז פאר איהם די פארקערפערונג פון אלץ וואס איז גרויס און שעהן און עהרליך און איז א ביטערע באקעמפערין פון אלץ, וואס איז שלעכט, געמיין און העסליך, מוז מען זיך פארטראכטען צי דאס איז טאקע אזוי, צי דאס מיינט טאקע אמעריקאניזם.

איך ווייס, אז אין דער איצטיגער צייט איז שווער צו זוכען פגימות אויף אונזער ארדנונג, וועלכע דערווייל שטעלט מיט זיך פאר אלץ וואס געהט אונטער דעם נאמען ציוויליזאציע און קולטור, בעת ארום און ארום בושעוועט דער שוידערליכסטער בארבאריזם. און דאך, ווי מיר דוכט זיך, זיינען דא שטארקע סימנים, אז אויך ביי אונז גנב'עט זיך אריין אט דער בארבאריזם. פון איין זייט איז עס דער פארפלוכטער נאציזם און פאשיזם וואס טרייט צו פארפאסקודיגען אמעריקע, ווי דאס איז קלאר צו זעהן פון דעם נאצישען שפיאנאזש־פראצעס, וואס געהט איצט אן אין וואשינגטאן; פון דער אנדערער זייט איז דאס די אונטערגראבונגס־ארבייט פון מאסקווע אונטער אלץ, וואס איז ווירקליך גוט אמעריקאניש, ווי צום ביישפיל אונזער ארבייטער באוועגונג, און טאקע אונזער דעמאקראטיע, וועלכע מיט אלע איהרע חסרונות מוזען מיר איצט היטען, ווי דעם שווארץ־אפעל פון אויג.

נאר די דרויסענדיגע שונאים פון אמעריקאניזם דארפען אונז ניט שטארק באאונרוהיגען, ווייל נאך אלעמען זיינען דאס גאנץ אונבאדייטענדע כוחות, וועלכע קענען ניט אפילו דעם מינדעסטען טרייסעל טאן די מעכטיגע געביידע פון אמעריקאניזם. די צרה איז, דאס אין דעם זאגענאנטען אמעריקאניזם גופא זיינען דא כחות, וועלכע גראבען זיך אונטער אונטער איהם.

איהר וועט זיך געוויס דערמאנען אן דעם נאטארישען מעיאר העיג פון דזשוירזי סיטי, וועלכער האט ערקלערט בפרסיה, אז ער איז דער געזעץ, און דאס אזוי לאנג ווי ער וועט האבען עפעס צו זאגען, וועט א פוס פון דער סי. אי. א. ניט אריינטרעטען אין „זיין" שטאט דזשוירזי סיטי. צווישען די, וועלכע האבען געמאכט א פארזוך צו ראטעווען דאס רעכט פון פרייער רעדע אין דזשוירזי סיטי איז געווען דער סאציאליסט, נארמאן טאמאס און א פאר קאנגרעסלייט. נארמאן טאמאס און די קאנגרעסלייט האבען גארניט אויסגעפירט, מען האט זיי ניט געלאזט א ווארט אויסריידען. ווי איהר ווייסט, איז פארגעקומען א כלומר'שטיגער טראיעל, אבער דער גאנצער עסק איז צעריבען געווארען. עס איז געווען קלאר פאר אלעמען אז דער דזשאדזש, וואס דארף עס רעפרעזענטירען די גערעכטיגקייט, איז געווען און איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי דער לאקעי פון מעיאר העיג. באלד נאך דעם האט טאמאס זיך געווענדט צום דירעקטאר פון פאבליק סייפטי פאר אן ערלויבעניש צו ריידען און צו האבען א מיטינג אויפן דזשוירנאל סקווער אין דזשוירזי, און דער אינספעקטאר האט זיך אפגעזאגט צו געבען איהם די ערלויבעניש. דאן האט נארמאן טאמאס אנגעקלאגט דעם אינספעקטאר פון פאבליק סעיפטי אין קאורט און דער סטעיט סופרים קאורט אין טרענטאן אין דער פערזאן פון א ריכטער באדין האט די טעג גע'פסק'נט, אז דער אינספעקטאר האט געהאנדעלט גאנץ ריכטיג, צונעמענדיג ביי טאמאס'ען דאס רעכט צו ריידען און ביי דעם עולם אין דזשוירזי סיטי דאס רעכט צו הערען, אויב ער האט געגלויבט, אז טאמאס'עס רייד וואלטען געקאנט ברייגגען צו א ראיאט.

אין אנדערע ווערטער, אונזער גאנצעס רעכט פון פרייער רעדע און פרייער פארזאמלונג וואס איז אונז גאראנטירט פון דער קאנסטיטוציע הענגט אויף משקולות און איז גאר קנאפ־וואס ווערט, ווען אירגענד אן אינספעקטאר פון פאבליק סעיפטי אדער ווען אירגענד א מעיאר באשליסט, אז אין זיין מדינה איז ניטא אזא זאך ווי פרייע רעדע.

אבער, נאטירליך, צוליב דעם אליין איז דער אמעריקאניזם נאך ניט אפגעפרעגט. מאלע וואס א סאמאדור אין א שטעטעלע פאלט איין? מאלע, וואס א דזשאדזש א לאקעי פון דער פאליטישער מאשין, קאן אויסשפילען. מיר האבען געהאט א גאר גרויסע רעכט צו פיהלען זיך ניט געשלאגען, ווארים ניט קיין אנדערע, ווי פרעזידענט רוזוועלט אליין איז אין א פאר מאנאטען שפעטער ארויסגעקומען אין איינער פון זיינע רעדען מיט פאלגענדער ערקלערונג:

„אויך בין איך שטארק פאראינטערעסירט מיט דער שטעלונג פון א קאנדידאט אדער פון זיינע גוטזאגער בנוגע די רעכטע פון אמעריקאנער בירגער צו פארזאמלען זיך פרידליך און ארויסצוזאגען עפענטליך זייערע מיינונגען וועגען וויכטיגע פאליטישע און סאציאלע פראגען. עס קאן ניט זיין קיין קאנסטיטוציאנעלע דעמאקראטיע אין אירגענד וועלכע קאמיוניטי, וועלכע פארלייקענט דעם איינצעלנעם זיין פרייהייט צו ריידען און גאט צו דינען ווי ער ווינשט עס. דאס אמעריקאנער פאלק וועט זיך ניט לאזען אפנארען פון אימיצען, וועלכער מאכט א פארזוך צו אונטערדריקען אינדיווידועלע פרייהייט אונטער דער פרעטענזיע פון פאטריאטיזם".

און כאטש רוזוועלט האט ניט אנגערופען העיג'ען מיטן נאמען, האבען דאך אלע געוואוסט, אז ער מיינט ניט קיין אנדערען, ווי טאקע דעם מעיאר פון דזשוירזי סיטי. מיינט איהר דאך, אפשר, אז דאס האט עפעס געשאט העיג'ען אין זיין עפענטליכען לעבען, אז מען האט איהם ארויסגעווארפען אלס מעמבער פון דער דעמאקראטישער נאציאנאלער פארטיי, הויבט זיך עס גאר ניט אן. אונזער פרעזידענט, וואס איז אזוי ניט קארג מיט שעהנע פראזען האט. זיך די טעג מיט העיג'ען איבערגעבעטען. רוזוועלט האט באדארפט א הייסען הונדערט פראצענטיגען ניו־דילער אלס קאנדידאט אין סענאט האט ער ניט געפונען קיין בעסערען גוט זאגער פאר זיין הונדערט־פראצענטיגען ניו דילער קאנדידאט אין סענאט פאר ניו דזשוירזי, ווי דעם גרויסען מעיאר העיג, וועלכער טרעט די פרייהייט פון דעם איינצעלנעם מיט די פיס אונטער דעם מאנטעל פון פאטריאטיזם.

און דאס, ווי מיר דוכט זיך, איז שוין א פיל ערנסטערע זאך. מילא, אז עס האט זיך געהאנדעלט אום אזא גארניט ווי העיג קאן מען עס נאך פארריידען. אפשר איז עס אויך ניט אזוי געפערליך, וואס א געוויסער דזשאדזש האט פרובירט ריינוואשען דעם פאליטישען העיג. אבער אז דער פרעזידענט זאל אזוי גיך פארגעסען, וואס ער האט געזאגט וועגען אזעלכע גוטזאגער, ווי העיג און זאל פון זיינע הענט אננעמען אזא קאנדידאט פאר'ן סענאט, וועלכער קאן געוויס ניט זיין בעסער ווי זיין גוטזאגער, כאטש ער שרייט פון אלע דעכער, אז ער איז א הונדערט פראצענטיגער ניו דיעלער, דאס איז ווירקליך עטוואס, וואס מאכט דעם אמעריקאניזם שוין גארניט אזוי זעלבסטפארשטענדליך און קלאר.

און אט האט איהר נאך א טשיקאווען פאל, וואס שטעלט א גרויסען פראגע צייכען אויף דעם אמעריקאניזם.

איך האב דא אין זינען דעם סטרעטשי־פאל. אן ענגלישער שריפטשטעלער, וועלכער איז זעהר גוט פאפולער אין דער וועלט פון געדאנק. ער האט צו זיין קרעדיט פילע שטארק געלייענטע ביכער, וועלכע ווערען אפילו אין אמעריקע שטארק פארשפרייט. ער איז שוין דא איינמאל געווען אין אמעריקע, געהאלטען א סך לעקטשורס, און אמעריקע און איהר רעגירונג איז נאך אלץ גאנץ. איז ער געקומען איצט נאך אמאל אין אמעריקע מיט א וויזא, אלזא מיט דעם פולען רעכט אריינצוקומען אלס גאסט. נו, האט מען זיך דערמאנט אז ער האט זיך איינמאל אויסגעדריקט צו גונסטען פון א רעוואלוציע. זייט אבער יענער צייט האט ער זיך אין גאנצען געענדערט. ער האלט ניט פון אומווארפען די רעגירונג מיט געוואלד. אויך רופט ער זיך שוין ניט מעהר קאמוניסט, נאר סאציאליסט, כאטש ער גלויבט אז עס וועט אמאל קומען צום קאמוניזם, איז דאך פיין און שעהן, דאס אלעס אבער העלפט איהם גארניט מען האלט איהם נאך אלץ פארשפארט אויף עליס איילאנד. און דא איז ניט אזוי די געמיינהייט, דער פארברעכען געגען דאס רעכט פון פרייער רעדע, ווי די קאלאסאלע נארישקייט. באטראכט עס, זיינע ביכער ווערען ניט פארבאטען, אלס עטוואס טריפה'ס, און פאר א ווארט זיינס ציטערט מען.

ער אליין לייקענט, דאס ער איז א קאמוניסט און דאס ער האט ווען עס איז געהערט צו דער קאמוניסטישער פארטיי. אבער אנגענומען, אז ער איז יא א קאמוניסט און ער איז יא א שרעקליכער מארקסיסט, און דאס ער גלויבט טאקע אז נאר דורך א רעוואלוציע קאן די איצטיגע ארדנונג געשטירצט ווערען, דענקט איהר אז עס איז טאקע אין איינקלאנג מיט דעם געדאנק פון דעמאקראטיע פון דעם פיל גערימטען אמעריקאניזם, אז אזא געפערליכער מענש טאר ניט באטרעטען דעם אמעריקאנישען באדען, ווייל ער קאן איהם נאך חלילה פארשוועכען?

אויב עס איז גוט און געזעצליך צו דעפארטירען אזא מענשען ווי סטרעיטשי, טא איז דאך מעיאר העיג פון דזשוירזי סיטי טאקע א גוטער אמעריקאנער און טאקע אן אמת'ער פאטריאט, ווען ער האט געמאכט אונמעגליך פאר נארמאן טאמאס אויסצואיבען זיין רעכט אויף רעדע־פרייהייט? אויב דאס קאן מיט רעכט טאן דער סטעיט־דעפארטמענט אין וואשינגטאן, טא האט דאך מעיאר העיג געהאנדעלט אין דעם ריכטיגען גייסט?

און אט נאט אייך נאך א פאל, וועלכער שטעלט אונטער א פראגע־צייכען אלע אונזערע דעמאקראטישע אינסטיטוציעס.

ווי איהר ווייסט איז עס שוין צוויי און צוואנציג יאהר, ווי טאם מוני און ביללינגס שמאכטען אין סאן קווענטין געפענגעניס. אין די צוויי און צוואנציג יאהר איז קלאר געווארען פאר אלעמען, וועלכע זיינען נאר ערליך גענוג ניט צו פארשטאפען זייערע אויערען און בלינד מאכען זיך געגען פאקטען אז געגען אט די צוויי מענשען איז באגאנגען געווארען דער געמיינסטער פארברעכען. מען האט פשוט אויסגעטראכט אויף זיי א בלבול און א פארברעכען, וואס זיי האבען קיינמאל ניט באגאנגען, אין דעם לויף פון דער צייט האט מען אויסגעפונען, אז די אלע עדות, וועלכע דער שטאט האט ארויסגעפיהרט געגען זיי, זיינען געווען פשוט אפגעקויפט און קארופטירט פון דעם שטאט. אין לויף פון דער צייט האבען די עדות אליין זיך מודה געווען אין זייער פארברעכען. אויך די מעהרסטע דזשורילייט ווי אויך דער דזשאדזש גופא האבען ערקלערט זייער שרעקליכען טעות. האבען דאך מוני און בילינגס שוין באדארפט זיין פרייע מענשען, און דאך שמאכטען זיי נאך אלץ אין פריזאן. איז דאס אליין שטעלט אונטער א גרויסען פראגע־צייכען דעם אמעריקאניזם, פונדעסטוועגען איז כאטש געווען גוט דאס, וואס מען האט לכל הפחות ביז איצט נאך ניט אין גאנצען בא־רויבט די צוויי ארבייטער־מארטירער פון דער האפ־

הכנסה פון די פארמערס זאל זיך פארגרעסערן, אז זיי זאלען קענען עקזיסטירען, אבער דאס האט זיך אים וויניג איינגעגעבען. ער האט געצאלט די פארמער סובסידיעס, אז זיי זאלען וויניגער זייהען און פלאנצען; ער האט זיי אפילו געצאלט, אז זיי זאלען צואקערן א טייל פון זייערע פארזייהטע פעלדער, כדי פון דער זריעה זאל גארנישט ארויסקומען. ער האט זיי אויך געצאלט, אז זיי זאלען אויסהארגענען די יונגע חזירימלעך, כדי זיי זאלען ניט אויסוואקסען און עס זאל חזיר פלייש ניט נאך ביליגער ווערען.

סעקרעטערי וואלאס קען זיך ניט בארימען, אז זיינע מעטאדען ווי ארויפצוהייבען די פרייזען פון פארם פראדוקטען איז פאפולער ביים אמעריקאנער עולם. אמת, וואלאס האט זיך באמיהט צו געבען דעם עולם צו פארשטיין, אז ער איז עס געצוואונגען צו טאן. וואס טוט אייגענטליך א קלאוק מאנופעקטשורער, ווען ער האט געלאזען מאכען מער קלאוקס ווי ער קען פארקויפען? ער פארקלענערט אדער שטעלט אפ אינגאנצען די ארבייט אין שאפ. דאס זעלביגע איז מיט'ן פארמער, וואס פראדוצירט מער פארם פראדוקטען ווי ער קען פארקויפען. ער מוז פארקלענערן זיין פראדוקציע. נישט מער דער קלאוקס מאנופעקטשורער קריגט גארנישט פון דער רעגירונג דערפאר, וואס ער פארקלענערט די ארבייט אין זיין שאפ, בעת דער פארמער קריגט יא. אבער עס איז אן אונטערשיד צווישען פארמערס און קלאוקס מאנופעקטשורערס. ערשטענס איז פארמעריי נאך היינט א העכסט וויכטיגער יסוד פון דער אמעריקאנער עקאנאמישער סטרוקטור. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אמעריקע איז אזא הויך אנטוויקעלט אינדוסטריעל לאנד, איז דאך אמעריקע נאך אויך היינט אין א גרויסער מאס אן אגריקולטורעל לאנד. צווייטענס, האבען די פארמער אין אמעריקע א גאנץ גרויסע דעה אין דער פאליטיק. עס איז איינפאך צוליב דעם, וואס זייער צאל איז א גרויסע.

אבער נאך אלע ערקלערונגען און אויפקלערונגען האט דאך דער דורכשניטליכער אמעריקאנער ניט געקענט זיין באגייסטערט פאר דעם, אז די רעגירונג זאל צאלען די פארמער דערפאר וואס זיי זייען און פלאנצען וויניגער.

אגב האט סעקרעטערי וואלאס געהאט א רעכט ביסעל טראבעל מיט גאט, וועלכער האט איהם א פאר מאל געמאכט א שטריך אין זיינע חשבונות. וואלאס'עס חשבונות צו פארזייהען און צו פלאנצען וויניגער האבען גוט געשטימט, ווען רעגען, זונען־שיין און ווינטען האלטען איהם געפאלגט און געווען אין דער ריכטיגער צייט, ווען זיי דארפען זיין. האט עס אבער געטראפען, אז זיי זיינען געקומען ניט אין דער ריכטיגער צייט און אויך ניט אין דער ריכטיגער מאס. עס זיינען פון דעם ארויסגעקומען אין איין ארט פארפלייצונגען, אין א צווייטען ארט טריקעניש און אין א דריטען ארט — שטויב־שטורעמס. דאס האט געבראכט דערצו, אז אנשטאט עס זאל וואקסען אויף די פעלדער אזוי פיל ווי וואלאס האט אויסגערעכענט, איז עס אויף א סך פעלדער גאר ניט געוואקסען.

נאר יענע שלעכטע וועטערען, וואס האבען אזוי שטארק צוטומלט סעקרעטערי וואלאס'עס חשבונות, האט מען שוין פארגעסען. אין די לעצטע פאר יאהר זיינען די וועטערען געווען סטאטעטשנע און האבען זיך אויפגעפירט לייטיש. אבער פאר סעקרעטערי וואלאס'עס אגריקולטור פראגראם טויגען זיי דאך ניט. ווען די וועטערען זיינען געווען גוט, איז עס געוואקסען אויף די פעלדער מעהר ווי וואלאס האט גערעכענט, און ממילא זיינען די פרייזען אויף פארם פראדוקטען געפאלען. אט זעהט: ווייץ, וואס איז מיט צוויי יאהר צוריק פארקויפט געווארען פאר א דאלאר מיט 12 סענט א בושעל, איז לעצטע וואך פארקויפט געווארען פאר 80 סענט א בושעל. דער פרייז פון קארן איז געפאלען פון 80 סענט אויף 60 סענט. און אזוי איז געפאלען דער פרייז פון פלייש, פוטער, אייער, א. אז. וו.

האט איצט סעקרעטערי וואלאס אזא פלאן: עס זיינען פאראן אין אמעריקע מיליאנען מענשען, וואס האבען ניט גענוג געלט צו קויפען גענוג שפייז, זאל דעריבער די רעגירונג זיי געבען א מעגליכקייט צו קויפען שפייז פאר א ביליגערן פרייז. די רעגירונג וועט, נעמליך, אפקויפען די איבעריגע אגריקולטור־פראדוקטען פון די פארמערס און וועט זיי פארקויפען צו די נויט־באדערפטיגע פאר א ביליגערן פרייז. די רעגירונג וועט טאקע צו דעם געשעפט צולעגען א רעכט ביסעל מיליאנען דאלארס, אבער עס וועט זיך לוינען. די פארמערס וועלען קריגען א בעסערן פרייז פאר זייערע פראדוקטען און דער ארימער עולם וועט האבען וואס צו עסען.

סעקרעטערי וואלאס איז איינפאך געקומען צו דעם געדאנק, אויף וועלכען סאציאליסטען האבען שוין לאנג אנגעוויזען, אז אין אמעריקע וואלטען ניט זיין קיין איבעריגע פארם פראדוקטען, ווען דער ארימער עולם אין אמעריקע וואלט קענען קויפען גענוג שפייז, גענוג קליידער, שיך, א. אז. וו.

עס וועט, לויט וואלאס'עס פלאן, דארפען עקזיסטירען צוויערליי פרייזען: איין פרייז פאר די, וואס קענען צאלען דעם מארק־פרייז, און א צווייטער פרייז, א ביליגערער, פאר דעם ארימען עולם, וואס קען דעם מארקס־פרייז ניט צאלען.

ווייל איך דא ניט פרעגען קיין קשיות ווי אזוי דאס וועט דורכגעפירט ווערען, איך מיין ווי אזוי מען וועט באשטימען ווער עס דארף צאלען די העכערע פרייזען, און ווער די נידריגע. דאס איז א טעכנישע פראגע. דער עיקר איז, אז דער פלאן גופא איז א גוטער.

און ווען סעקרעטערי וואלאס וועט אזוי טראכטען ווייטער און וועט זיך אלץ מעהר אריינטראכטען אין דעם גרויסען אונטערשייד פון די, וואס קענען צאלען דעם פרייז און פון די, וואס קענען ניט, וועט ער זיך ענדליך מוזען דערטראכטען, אז דער בעסטער וועג איז, אז מען זאל אט דעם אונטערשייד אינגאנצען אפשאפען.

# דער מוסר־זאגער

(נאך קרילאוו)

פון נחום יוד

א יעגער האט א פויגעלע דערשאסען;
וואלט זיך דער אומגליק בלויז מיט דעם נאר אויסגעלאזען,
איז ניין — עס מוזען אומקומען דערביי
נאך דריי:
ער האט דריי קינדערלאך פאר'יתומט,
אן כוחות, אן פארשטאנד, נאך ערשט פון איי...
זיי טוליען, נעבאך, זיך אין קאלטען נעסט צוזאמען,
און פישטשען, רופען נאכאנאנד דער מאמען..
— „אוי, וועמען טוט דאס הארץ ניט וויי,
און ווער קאן צוזען גלייכגילטיג א יתומ'ס ליידען? —
האט צו די וואלד־פויגעל דער פוקס גענומען ריידען,
פארטראכט זיצענדיג אנטקעגען אויף א שטיין, —
פארלאזט ניט, טייערע, די עופ'עלאך אליין
אין זייער צער דערשלאגען!
צו קערנדעל וואלט איר זיי נאר געבראכט צוטראגען,
א פעדערל אין נעסט, א שטרוי,
ווייל נאר אזוי
איז מעגליך אויפצוהאלטען זיי ביים לעבען...
און קאן פון דעם נאך עפעס העכערס געבען?
אט זע, קוקאווע־לעבען,
איצט, פרילינג, בייט זיך דיין געפעדער סיי־ווי־סיי,
איז וואס וועסטו שוין אנווערען דערביי
ווען דו וואלסט איצטער דא א פליק טאן זיך געלאזען,
צו מאכען פאר די קינדערלאך א בעט?
סיי־ווי וועט דיינע פעדערען דער ווינט צעבלאזען...
דו, לערכעל, איידער טראגען זיך פון פרי ביז שפעט,
און גלאט־אזוי אין לופטען פלאטערען און פליען —
וואלסט דו פאר די יתומים בעסער זיך באמיען,
און ברענגען שפייז פאר זיי... דו, טירקעל־טויב, מיין קרוין,
די קינדער דיינע זיינען צוגעוואקסען שוין,
און קאנען שוין אליין זיך אויסזוכען דאס עסען —
וואלט גלייכער פיל געוועזען
דו זאלסט צו די יתומים'לאך אין נעסט אריין,
און וויי־ניט־איז די מוטער זיי פארביטען!
און גאט, דער האר, וועט דיינע קינדער היטען...
דו, שוואלב, אנשטאט זיך אומדרייען אין שיין
קאנסט כאפען פאר זיי פליגען;
און דו, מיין ליבער נאכטיגאל, וואלסט זיי צום שלאף
מיט דיינע זיסע לידעלאך פארוויגען.
איך גלויב און האף,
אז ווען מיר זאלען נאר ניט שטיין פון ווייטען,
וואלט מען דעם שווערען אנווער זיי געקאנט פארבייטען.
הערט אוים! מיר דארפען ווייזען איצט דער וועלט,
אז גוטע הערצער האבען מיר אין וואלד און פעלד,
און קיינער זאל ניט זאגען”...
נאר דא, — ניט קאנענדיג דעם הונגער מער פארטראגען, —
אראפגעפאלען זיינען מיט א פיסטשעריי
פון בוים אראפ די עופ'עלאך די דריי...
און וואס דער פוקס? ער האט זיי גלייך דערשלונגען
און האט זיין דרשה נאך אפילו ניט דערזונגען.

⁂

מיין לעזער, וואונדער זיך אויף דעם ניט אזוי פיל:
אן אמת־גוטער וועט קיין רייד ניט מערען,
און טאן וועט ער זיין גוטע ארבייט אין דער שטיל;
נאר דער וואס לאזט זיך שטענדיג מיט זיין גוטסקייט הערען
איז אפשר גוט און פיין,
דערפאר ווייל ער שטעלט גאר נישט איין...
אין אמת'ן זיינען אזעלכע לייט, געוויינלאך,
צו אונזער פוקס אינגאנצען איינלאך.

געפירט די סינדיקאליסטישע ארבייט און מען האט זיי קיין שום פארוואורף ניט געקענט מאכן און מען האט זיי פארביטן מיט קאנדידאטן פון די „קערנדלעך", דאס הייסט, מיט פארטיי־קאמוניסטען.

און די רעזולטאטען האבען זיך שנעל געלאזט פילען. אין דער צייט פון לעאן בלומ'ס רעגירונג פלעגען די קאמוניסטישע אנפירונגען פון די סינדיקאטען פראוואצירען באוועגונגען, ארויסשטעלען פאליטישע פאדערונגען, שאפען א דרוק אויף דער רעגירונג, מאכען איר שוועריגקייטען. מען האט שוין געוואוסט, אז ווען נאר בלום קומט צו דער מאכט שפרינגען תיכף ארויס סטרייקען, מען איז פאר'עקשנ'ט ביי די אונטערהאנדלונגען, מען אקופירט די אונטערנעמונגען.

און עס איז גענוג אז בלום זאל פאלען, אז אלעס זאל זיך באַרוהיגען. יעדער געדענקט נאך די באוועגונג פון די מעטאל־ארבייטער אין מערץ פון היי־יאהר, אין די טעג ווען בלום האט ווידער געשאפען די קאאליציע רעגירונג.

אין געגענזאץ צו די קאמוניסטישע „קערנדלאך" האבען די סאציאליסטען געשאפען אין די אונטערנעמונגען „פריינטשאפט־גרופען", „אמיקאלען", אזוי אז אין יעדער פאבריק האט מען געהאט א קאמוניסטיש „קערנדעל" און א סאציאליסטישע „אמיקאל".

גרויסע נוצען דער סינדיקאלער באוועגונג האט דאס ניט געקענט ברענגען. דער אונטערשייד איז אבער געווען דער, אז בשעת די קאמוניסטישע „קערנדלעך" זיינען געווען אקטיוו, האבען אריינגעבראכט פארטיי לאזונגען אין די געווערקשאפטען, האבען געהאנדעלט לויט די פארטיי אינסטרוקציעס, מיט פאליטישע צוועקען, זיינען די „אמיקאלען" געווען מעהר פארטיידיגונגס־גרופען, וואס האבען אבער קיין מאל ניט געהאנדעלט געגען סינדיקאליזם, א חוץ די יעניגע „אמיקאלען", וואס זיינען אונטערגעפאלען אונטער דער השפעה פון די עקסטרעמיסטען פון דער סאציאליסטישער פארטיי, פון דער דעמאגאגישער גרופע פון מארסא פיווער, וואס געפינט זיך שוין איצט, אגב, מחוץ דער פארטיי.

ווי עס זאל ניט זיין: די קאמוניסטען פירען א סיסטעמאטישע ארבייט צו פארכאפען אין זייערע הענט די לייטונגען פון די איינצעלנע געווערקשאפטען, פון די פעדעראציעס פון באזונדערע ווירטשאפטס־צווייגען, צו באזייטיגען ווי ווייט מעגליך די ניט־קאמוניסטישע פירער.

אין אן ערנסטער מאס האבען זיי געהאט אן ערפאלג אין זייער ארבייט, באזונדערס אין די פעדעראציעס פון פאריז און אומגעבונג. איצט גרייטען זיי זיך פעסט צו באקומען א מערהייט אויף דעם נעכסטען קאנגרעס — דער ערשטער נאך טולוז — פון דער אלגעמיינער קאנפעדעראציע וואס דארף אבגעהאלטען ווערען אין חודש נאוועמבער אין נאנט.

די ניט־קאמוניסטישע סינדיקאלע פירער זעהען די גרויסע סכנה, וואס דראהט דער באוועגונג. אין פאל אויב די קאמוניסטען זאלען באמת באקומען א מערהייט אויף דעם קאנגרעס און דערמיט אין דער העכסטער לייטונג פון דער סינדיקאליסטישער ארגאניזאציע, וועלכע וועט דאמאלסט פארוואנדעלט ווערען אין אן איינפאכען אינסטרומענט פון דער קאמוניסטישער פארטיי, ווי דאס איז געווען דער פאל מיט דער קאמוניסטישער קאנפעדעראציע פאר דעם פאראייניגונגס־קאנגרעס פון 1936.

און דעריבער פארשטארקט זיך איצט זעהר דער ווידערשטאנד. די ניט־קאמוניסטישע פירער מאביליזירען זייערע כחות, כדי צו פארטיידיגען די כארטיע פון 1906, און פון 1936, וואס זאל פארזיכערען די אבסאלוטע אומאבהענגיקייט פון דער געווערקשאפט־באוועגונג.

אין די ניט־קאמוניסטישע צייטונגען ווערען טאגטעגליך אויפגעקלערט די האנדלונגען פון די קאמוניסטישע „קערנדלעך" אין די אונטערנעמונגען, עס ווערען געבראכט פאקטען וועגען אומבארעכטיגטע באזייטיגונגען פון סינדיקאלע פירער בלויז דערפאר ווייל זיי זיינען ניט קאמוניסטען, א. א. וו.

אויף אלע צוזאמענפארען און קאנגרעסען הערען זיך די זעלבע שטימען, די זעלבע אנקלאגעס, די זעלבע פראטעסטען. און עס ווערען אנגענומען פארטיידיגונגס־טיטלען.

איינינגע כאראקטעריסטישע ביישפילען: אויפן קאנגרעס פון נאציאנאלען סינדיקאט פון די לערערס אין פראנקרייך, וואס ציילט 108 טויזענט מיטגלידער, האבען רעדנער פון פאריז און פון דער פראווינץ אנגעוויזען אויף די סיסטעמאטישע ברעכונגען פון דער אמיענער און טולוזער כארטיע מצד די קאמוניסטען, וואס ברענגען אריין פאליטישע לאזונגען פון זייער פארטיי אין די סינדיקאטען. און דער קאנגרעס האט מיט א גרויסער מערהייט אנגענומען א רעזאלוציע, וואס פאראורטיילט די אריינמישונג פון פאליטישע פארטייען און פון רעגירונגען אין די אנפירונג פון דער סינדיקאלער באוועגונג. קאנקרעט האט דער קאנגרעס פארלאנגט: פארבאט פון אויספירען אין דער זעלצער צייט א פאליטישע און סינדיקאלע פונקציע; פארווערען ארגאניזירען פראקציעס אין די סינדיקאטען.

איינינגע סינדיקאטען פארמולירען נאך מעהר קאנקרעט זייערע פאדערונגען צום נעכסטען קאנגרעס; זיי פארלאנגען פון די פארטייען אבצושאפען אלע „קערנדלעך" און „אמיקאלען" אין די אונטערנעמונגען, און אין די סינדיקאטען.

נאך א זעהר שטארקער מפלה האבען די קאמוניסטישע סינדיקאלע פירער באקומען אויפן לעצטען נאציאנאלען ראט פון דער קוילען־אינדוסטריע. דאס האט ארויסגערופען א גרוישען רושם און עס לוינט זיך אויף דעם פאל זיך אבצושטעלען. אט אין וואס עס האט זיך געהאנדעלט.

אין מאי פון היי־יאר האט דאס פעדעראלע ביורא, לויט א באשלוס פון ראט, אנגעהויבען צו פירען אונטערהאנדלונגען מיט דעם צענטראל קאמיטעט פון די קוילען גראבען־אונטערנעמער וועגען פארגרעסערען דעם ארבייטס־לוין אין צוזאמענהאנג מיט דער שטייגערונג פון די פרייזען אויף אלע לעבענס־פראדוקטען.

עס האט זיך געהאנדעלט אויך וועגען איבערשטונדען אין די קוילען גרובען, וואו די נארמאלע ארבייט איז 38 שעה און 40 מינוט אין דער וואך.

די אונטערהאנדלונגען האבען זיך געצויגען אהן רעזולטאטען, די אונטערנעמער האבען זיי פאקטיש סאבאטאזשירט, ניט ווילענדיג מאכען ערנסטע הנחות. דעם 12טען אויגוסט האט דעריבער דער ראט באשלאסען דורכצופירען א רעפערענדום צווישען די סינדיקאטען, און דער רעזולטאט איז געווען: 214 סינדיקאטען האבען זיך ארויסגעזאגט פאר ווייטער פירען די אונטערהאנדלונגען, 81 סינדיקאטען — פאר אן אלגעמיינעם סטרייק, 6 — פאר ארגאניזירען ארביטריישאן.

די ביורא האט באשלאסען אלזא ווייטער פירען אונטערהאנדלונגען און ענדליך איז מען, ביי דער אריינמישונג פון דעלאדיע, געקומען צו א הסכם, דעם ערשטען סעפטעמבער: 11 פאסטענס צו גאב־ארבייט, דאס הייסט 85 איבער־שטונדען פאר דעם ווינטער סעזאן, און זעקס פראצענט העכערונג פון ארבייטס־לוין (4 פראצענט אויף די לוינען און צוויי אויף די צוגאב־שטונדען).

דערביי איז נויטיג צו וויסען אז די פראדוקציע אין די קוילען גראבען איז אין פראנקרייך פון 45 מיליאן טאן, און דער פארברויך — פון 75 מיליאן טאן, דאס הייסט אז פראנקרייך מוז אימפארטירען 30 מיליאן טאן פון דרויסען! אין די שכנישע לענדער ארבייט מען אין די גרובען: 60 שעה אין דייטשלאנד, 48 שעה אין ענגלאנד, 45 אין בעלגיע; אפילו אין סאוועט רוסלאנד ארבייט מען 42 שעה. אין פראנקרייך, שוין מיט די נייע איבער־שטונדען וועט מען ארבייטען וועניגער ווי 2000 שעה יערליך.

עס איז געלונגען אריינצוברענגען אין די גרובען פרישע 25 טויזענד ארבייטער; א חוץ דעם האבען זיך די אונטערנעמער פארפליכטעט ווי אמשנעלסטען צו באנייען, צו פארבעסערען די מאשינען.

די נייע באדינגונגען פארשטארקען די פראדוקציע מיט צוויי מיליאן טאן, און פארקלענערען מיט צוויי מיליארד פראנק דעם ארויסגאנג פון גאלד קיין אויסלאנד.

זיכער זיינען די נייע באדינגונגען נישט די וועלכע די פעדעראציע פון די קוילען גרובען האט געוואלט. נאר קיין אנדערען אויסגאנג האבען זיי נישט געהאט, באזונדערס אין איצטיגען קריטישען מאמענט. ארויסרופען איצט א סטרייק? ווען מען ווארט אין יעדען מאמענט אויף א קאטאסטראפע?

דאס לאנד וואלט געוועןנישט מיט די סטרייקער. און דאס ביורא האט אקצעפטירט די טיילווייזע פארבעסערונגען פון די באדינגונגען פון די קוילענגרעבער.

האבען די קאמוניסטען באלד צו מארגען אויפגעהויבען א העצע־פראפאגאנדע געגען ביורא, באאיינפלוסט איינצעלנע סינדיקאטען ארויסצוטרעטען געגען אפמאך...

די קאמוניסטישע צייטונגען האבען זיך גענומען צו דער ארבייט... דאס ביורא האט באשלאסען צו מאכען א סוף צו דער דאזיגער דעמאגאגיע; האט גערופען א זיצונג פון ראט, וועלכער האט מיט 21 שטימען געגען 7 באשטעטיגט דעם הסכם פון ערשטען סעפטעמבער, און האט אויסגעדריקט פולען צוטרוי די פירער פון דער פעדעראציע און באזונדער דעם גענעראל־סינדיקאט, פראטעסטירט געגען די ברוטאלע אומבארעכטיגטע אנפאלען אויף זיי.

נאר דאס איז נאך נישט אלעס. דער ראט האט באשלאסען אויסצונוצען די געלעגענהייט און בכלל מאכען א סוף צו דער אריינמישונג פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין דער סינדיקאלער ארבייט.

כמעט איינשטימיג איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציע, אין וועלכער עס ווערט דערמאנט אז די אומאפהענגיגקייט פון דעם סינדיקאליזם איז דער יסוד פון דער איינהייט, אז יעדער סינדיקאליסט קען אין דעם סינדיקאט פארטיידיגען זיין שטאנדפונקט, זיינע אויפפאסונגען, נאר אז עס איז אבער פארבאטען אריינצוברענגען אינ'ם סינדיקאט אויף אן ארגאניזירטען אופן לאזונגען פון דרויסען. די רעזאלוציע באדויערט באזונדערס די האנדלונגען פון געוויסע מיטגלידער אין דער פראגע פון אפמאך פון ערשטען סעפטעמבער. צום סוף ערקלערט די רעזאלוציע אז שטרענגע מיטלען וועלען אנגענומען ווערען געגען די וואס וועלען אריינברענגען אין די סינדיקאטען לאזונגען פון פאליטישע פארטייען און פאראורטיילט די יעניגע פאליטישע פרעסע וואס מישט זיך אריין אין דער סינדיקאלער באוועגונג, אין אירע באראטונגען און באשלוסען. קלארע דיבורים. הגם דאס ווארט „קאמוניסטען" ווערט נישט דערמאנט, נאר אלע וויסען, אז דא האנדעלט זיך וועגען די קאמוניסטען און וועגען דער קאמוניסטישער פרעסע, הויפטזעכליך וועגען דער „הומאניטע"...

די דאזיגע רעזאלוציע איז א גרויסער קלאפ פאר די קאמוניסטישע „קערענדלאך", זי איז אן אנזאג אז אזוי וועט עס ווייטער נישט געהן, און אז אויפ'ן קאנגרעס אין נאוועמבער וועט דער קאמף זיין א ערנסטער.

די נישט קאמוניסטישע פירער וויסען וואס עס דראט דער סינדיקאליסטישער באוועגונג אין פאל אויב די קאמוניסטען וועלען אויפ'ן קאנגרעס באקומען א מערהייט; מען וועט צוריק קומען צו דער צייט פון פאר דער שפאלטונג, דאס הייסט, פאקטיש וועט אפגעשאפען ווערען די אומאפהענגיגקייט פון דער באוועגונג און די סינדיקאליסטען, די נישט קאמוניסטען, וועלען גארנישט האבען אין איר צו טאן.

און דעריבער גרייט מען זיך צו פארטיידיגען, צו ראטען די סינדיקאליסטישע באוועגונג פון אונטערגאנג.

דוד מענעס:

## מיין בלאסע שוועסטער

הייב דיין קאפ, מיין בלאסע שוועסטער,
איך האב פאר דיר א רויטע בלום,
עפען אויג, קוק, ווייטער, ווייטער,
זע ווי רויט ס'איז אלץ ארום.

קום מיט מיר ארויס שפאצירען
אויפ'ן וועג וואס פירט צום לאנד
יאג מאשין אלץ שנעלער, שנעלער,
עס לויפט זיך שנעלער זאלבעגאנד.

זאפ אריין די פרייד פון מארגען,
חלום מיט מיר אפ א שעה,
אפשר וועט זיין גרייט די סעודה,
ערשט ווען מיר זיינען ניטא...

וואס זשע ווייסטו, בלאסער חבר,
ווישט פון באק אראפ די טרער,
ווייגען פאסט ניט פאר קיין זעלנער,
ביסט סאלדאט אין מיליטער.

האסט פארביטען זייד און סאמעט,
אויף א ביינקעל לעבען מיר,
פארוואקסען איז דער וועג צוריק,
פארריגעלט איז די טיר.

הייב דיין קאפ, מיין בלאסע שוועסטער,
מיר טיילען איצט דעם גורל גלייך,
אפגעשאפט זיינען מחיצות,
א בריק געלייגט איז איבער טייך.

זייט ביי זייט מיט אימפעט יאגען,
איך און דו דעם גראען טאג.
און שווער אראפ ציט קאפ צום בארדען,
אראפ די שאל פון וואג.

נעם דיין שטעקען, בלאסע שוועסטער,
גיי ארום די טויבע הענט,
אונזער לעבען — מיינער, דיינער,
גייען איצטער האנט אין האנט.

גונג צו ווערען אמאל פריי. מוני, דער גרויסער מרטיגער פרייהייט־קעמפער האט ניט אויפגעגעבען זיין קאמף פאר פרייהייט און גערעכטיגקייט אזוי לאנג ווי עס איז נאך געווען די מינדעסטע מעגליכקייט.

ענדליך איז זיין פאל פארגעבראכט געווארען פאר דעם סאמע יונאיטעד סטעיטס סופרים קאורט און די גאנצע פארטגעשריטענע און פרייהייטליכע וועלט האט געווארט מיט קלאפענדע הערצער אויף די ענטשיידונג פון דעם סופרים קאורט, און אונזער גרויסער סופרים קאורט האט גאר אהן פילע שאלות ערקלערט, אז ער קאן גארניט טאן פאר די באפרייאונג פון די צוויי אונשולדיגע מענשען. זיי מוזען פארפוילט ווערען אין פריזאן ביז זיי וועלען דארט שטארבען.

באטראכט עס נאר: דער סופרים קאורט האט געוואוסט אז ער איז די איינציגע האפענונג פון מוני און בילליגגס. דער סופרים קאורט, וועלכער באשטעהט פון מענשען, וועלכע לעבען ניט אין הימעל נאר אויף אונזער ערד, האט גאנץ גוט געוואוסט וועגען דער אומשולד פון די מענשען. וועגען דעם האט ביי זיי ניט געקאנט זיין דער מינדעסטער צווייפעל, און דאך קומט דער סופרים קאורט ארויס מיט אזא קאלטען לונג און לעבער און רויבט מוני'ס לעצטע האפענונג. קאנט איהר זיך פארשטעלען עטוואס מעהר אכזריות'דיגעס?

באטראכט וואס פאר א גרויסע געלעגענהייט דער סופרים קאורט האט געהאט פאר זיך גוט צו מאכען ווי ווייט מעגליך דעם שענדליכען פארברעכען, וואס דער גרויסער שטאט קאליפארניע איז באגאנגען געגען צוויי הילפסלאזע מענשען און נאר דערפאר ווייל זיי האבען מיט אזא געטריישאפט און ענערגיע איינגעשטעלט זיך פאר די ארבייטער אין זייערע קאמפען געגען זייערע רויבער און שינדער, און דער סופרים קאורט, וועלכער דארף באשיצען אונזערע קאנסטיטוציאנעלע רעכטע און פרייהייטען, איז געבליבען טויב און שטום צו דעם אלעם, יא מוני איז געווען גאנץ גערעכט, ווען דערוויסענדיג זיך פון דעם סופרים קאורט פינסטערען באשלוס האט ערקלערט דעם סופרים קאורט אלס „די פעסטונג פון דעם רויבערישען קאפיטאל אלס קארפאראציע פון אלע ארבייטער־פיינדליכע אינטערעסען."

און איצט לאמיר דערמאנען אן נאך עטוואס וואס האט פאסירט די טעג, וואס ווארפט א גרויסען שאטען אויף אט דעם נעלויבטען אמעריקאניזם.

עס קאן זיין אז דער אמעריקאניזם אן און פאר זיך איז געווים עטוואס גאנץ גוטעס און שעהנעס, איבערהויפט ווען מען פארגלייכט איהם מיט דעם נאציזם און פאשיזם אויב עס איז ניט דער גרעסטער חילול השם צו וועלען גאר מאכען אזא פארגלייך.

אין דעם פאל פון אמעריקאניזם האבען מיר נאך אלעמען צו טאן מיט געוויסע פעהלערען וואס איניגע מענשען באגעהען און וועלכע ווערען מיט דער צייט גוט געמאכט. אין דעם פאל פון פאשיזם און נאציזם האבען מיר ניט מעהר צו טאן מיט מענשליכע פעהלערען, נאר מיט עטוואס ווירקליך טייפלישעס, אין וואס עס איז ניט צו געפינען קיין טראפען מענשליכקייט. איז דאס מעהר פארדריסליך ווען אויך אונזער דעמאקראטיע ברייגגט ארויס פון צייט צו צייט אזעלכע העסליכע פירות ווי, למשל, אונזער קוירנעל לינדבערג און הענרי פארד.

דער דעמאקראטיע האבען אט די צוויי מענשען צו פארדאנקען אלעס וואס זיי האבען. וועלכער מענש איז נאך אזוי געקעכעלט, געווארען פון גאנץ אמעריקע ווי לינדבערג און דאך ווי אונדאנקבאר האט ער זיך ארויסגעוויזען. פלוצלונג געפעלט איהם ניט מעהר אמעריקע און ענגלאנד איז איהם ליבער אלס א לאנד, וואו ער זאל אפלעבען זיינע יאהרען. נאר דאס מוחל, אבער זיין לעצטע האנדלונג צו שליסען אזא ווארימע פריינטשאפט מיט היטלער'ען און צו לאזען זיך דעקארירען פון איהם. דאס נאך מיין מיינונג איבערטרעפט יעדע געמיינהייט. לינדבערג, ווייס ווי דאס גאנצע דייטשע לאנד איז איין גרויסער געפענגעניס, לינדבערג ווייס מיט וואס פאר טייפלישע גרויזאמקייטען עס ווערט פארפאלגט דאס אידישע פאלק אין דייטשלאנד, אין עסטרייך, אין סודעטען לאנד און וואו היטלער האט נאר די קלענסטע מעגליכקייט. וואלט לינדבערג געהאט נאר א פונק פון פרייהייט און יושר אין זיין נשמה, וואלט ער געשייכט פון דייטשלאנד און איהרע איצטיגע פארבעהאלטיגער, ווי פון די פעסט, אבער ניט נאר וואלט ער אין איין פלירטעווען מיט די רוצחים, נאר ער לאזט זיך נאך פון זיי דעקארירען, און דאס איז ניט נאר לינדבערג'ס שאנדע, נאר די שאנדע פון אמעריקע אז ער האט נאר געקאנט זיין פאר א צייט דער שטאלץ פון אמעריקע.

ווען עס איז געווען פארעפענטליכט די נייעס, אז עס איז געווען לינדבערג וועלכער האט צוגעטראגען צו טשעמבערלעין דעם סוד, אז דייטשלאנד'ס מאכט מיט איהרע עראפלייגען איז צוויי מאל אזוי שטארק ווי פון ענגלאנד, פראנקרייך און רוסלאנד צוזאמען, האט זיך עס פשוט ניט געגלויבט. נאר איצט אז ער האט געקראגען פון היטלער'ען זיין באלוינונג, קאן ניט זיין דער מינדעסטער צווייפעל אין דעם, לינדבערג האט זיך דא אנטפלעקט פאר דער גאנצער וועלט אלס א פשוט'ער שפיאן. אין רוסלאנד איז ער אויפגענומען געווארען מיט דעם גרעסטען כבוד, און מען האט געהאט אזא צוטרוי צו איהם, אז מען האט איהם געלאזט אלעס אויסגעפינען. איז ווען ער זאל טאקע האבען אויסגעפונען אז די לופט מאכט אין רוסלאנד איז א גאנץ שוואכע, און אז דארט איז אלעס אין א כאאטישען צושטאנד, האט ער אבער, אלס א מענש, וועמען די רוסישע רעגירונג האט געשענקט איהר צוטרוי, באדארפט האלטען מויל. ווי עס איז איצט, האט יעדער א רעכט צו גלויבען אז לינדבערג איז לכתחילה געפאהרען אין רוסלאנד אלס פשוט'ער געמיינער שפיאן. און עס איז שווער צו דענקען, אז אט דער מענש איז אלע זיינע יאהרען אויפגעהאדעוועט געווארען אויף דעם אמעריקאניזם.

און דאס זעלבע איז מיט הענרי פארד'ען. ער וועלכער שפילט זיך דא אויף אלס גאר א גרויסער אינדיווידואליסט, וועלכער קעמפט ניט נאר פאר זיינע אינדיווידועלע רעכט, נאר אויך פאר די רעכטע פון זיינע ארבייטער. אויך ער האט די טעג געקראגען צוגעשיקט אן אויסצייכענונג פון היטלער'ן, וועלכער ווייס גאר ניט פון קיין אנדער רעכט ווי די ברוטאלע געוואלט, און וועלכער האט שוין באלד געבראכט גאנץ איירָאפּע אונטער זיין קנאפעל, און, ווי עס הייסט האט ער שוין אויך אן אויג אויף אמעריקע.

איז אט, ווען מען קוקט זיך צו אויף אט די פירות וואס דער אמעריקאניזם ברייגגט ארויס, מוז מען זיך פארטראכטען און פרעגען זיך: איז עפעס ניט דער מעהר מיט דעם אמעריקאניזם, ווי ער איז?

# די קאָמוניסטען אין די פראנצויזישע יוניאָנס

## פון מ. יארבלום.



ערץ, 1936, איז נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען אבגעהאלטען געווארען דער בארימטער פאראייניגונגס־קאנגרעס אין טולוז פון ביידע געווערקשאפטליכע ארגאניזאציעס: פון דער אומפארטייאישער קאנפעדעראציע וואס איז געווען צוגעשלאסען אין דעם אזוי גערופענעם אמסטערדאמער טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל און פון דער „אוניטאריי" סינדיקאלער קאנפעדעראציע וואס איז געווען אנגעשלאסען אין דעם מאסקווער געווערקשאפטליכען אינטערנאציאנאל.

דער יסוד פון דער פאראייניקונג איז געווען דער פראגראם פון דער ערשטער, דאס הייסט, פון דעם „אמסטערדאמער" קאנפעדעראציע בראש פון וועלכער איז געשטאנען לעאן זשוהא. דאס איז די בארימטע אמיענער חארטיע פון 1906 (דער טשארטער פון קאנגרעס אין אמיען) וואס פארלאנגט אז די סינדיקאליסטישע באוועגונג זאל זיין אומאפהענגיג פון יעדער פאליטיק, פון אלע אהן אויסנאם פאליטישע פארטייען.

נאר די טעארעטישע אמיענער כארטיע פון 1906 איז שוין געווען ניט גענוגנד. מען האט געמוזט אננעמען מעהר קאנקרעטע באשלוסען וואס זאלען פארזיכערען די דאזיגע אומאפהענגיגקייט. די קאמוניסטישע געווערקשאפטען האבען זיך פאר דער פאראייניגונג געפינען אונטער דער אבסאלוטער השפעה פון דער קאמוניסטישער פארטיי, האבען אויסגעפירט זייערע באפעלען, זיינען געפירט געווארען דורך באקאנטע קאמוניסטישע פארטיי־פירער. עס איז געשטאנען א געפאר אז אין דער פאראייניגטער קאנפעדעראציע זאלען זיך ניט באנייען די אמאליגע פראקציעס פון דער נאך פאר דער שפאלטונגס־צייט. דעריבער האט דער טולוזער פאראייניגונג קאנגרעס פון 1936 אנגענומען דעם פאלגענדיגען באשלוס:

„די מיינונגס־פרייהייט און די פרינציפען פון דעמאקראטיע וואס זיינען פאראויסגעזעהען און פארזיכערט דורך די פונדאמענטאלע פרינציפען פון סינדיקאליזם וועלען ניט בארעכטיגען און ניט טאלערירען די שאפונג פון ארגאניזאציעס וואס זאלען ווירקען אין די סינדיקאטען אלס פראקציעס מיט דעם צוועק צו באאיינפלוסען און צו פעלשען דעם נארמאלען גאנג פון דער דעמאקראטיע אין די סינדיקאטען."

דער קאנגרעס איז געגאנגען נאך ווייטער. וויסענדיג פון דער פארגאנגענהייט, אז ווען בראש פון דער סינדיקאלער באוועגונג שטעהען וויכטיגע פירער פון פאליטישע פארטייען, איז פאראן אן ערנסטע סכנה, אז די דאזיגע פארטיי פירער זאלען האנדלען לויט דער דיסציפלין פון זייערע פארטייען, אפילו ווען דאס איז געגען דער פאליטיק פון דער סינדיקאלער ארגאניזאציע, האט דעריבער דער טולוזער פאראייניגונגס־קאנגרעס באשלאסען, אז די מיטגלידער פון קאנפעדעראלען ביורא פון דער אלגעמיינער קאנפעדעראציע טארען ניט זיין קיין קאנדידאטען פאר פאליטישע עמטער, דאס הייסט, דעפוטאטען, סענאטארען און טארען אויך ניט געהערען צו די אנפירענדע קערפערשאפטען פון פאליטישע פארטייען.

די פראקטיק האט שפעטער באוויזען אז דער דאזיגער ארטיקעל איז געווען צו באגרעניצט, ער האט באריירט בלויז די איינציגע ביורא־מיטגלידער פון דער אלגעמיינער קאנפעדעראציע, האט אבער פריי געלאזט די מיטגלידער פון דער ברייטערער אדמיניסטראטיור קאמיסיע און די סעקרעטארען פון באזונדערע אינדוסטריעלע פעדעראציעס.

די קאמוניסטישע געווערקשאפטס־פירער האבען אנגענומען אלע באדינגונגען אפילו די באדינגונג, אז די פאראייניגטע קאנפעדעראציע זאל זיין אנגעשלאסען ניט אן דעם מאסקווער, נאר אן דעם אמסטערדאמער אינטערנאציאנאל; זיי האבען זיך אפגעזאגט אפילו פון דער ערשטער פאדערונג, אז די קאנפעדעראציע זאל בלייבען דערווייל מחוץ יעדען אינטערנאציאנאל.

דאס איז געווען אין מערץ, 1936. די פאראייניגטע קאנפעדעראציע האט געציילט בערך א מיליאן מיטגלידער. עס איז געקומען דער נצחון פון פאלקס־פראנט, די ערשטע רעגירונג לעאן בלום, די נייע סאציאלע רעפארמען לטובת דעם ארבייטער קלאס, די שטארקונג פון דער השפעה פון די סינדיקאלע ארגאניזאציעס מיט וועלכע די רעגירונג פון פאלקס־פראנט האט זיך שטענדיג בארעטען. עס זיינען געקומען די גראנדיעזע שטרייקען, די אקופאציעס פון די אונטערנעמונגען (זיץ־סטרייקס).

פון איין מיליאן איז די צאל מיטגלידער אין די געווערקשאפטען געשטיגען אויף פינף מיליאן. עס הייסט, עס זיינען צוגעקומען אן ערך פיר מיליאן מיטגלידער אהן ערפארונג און אהן ארגאניזאציאנעלע טראדיציעס. זיי זיינען געקומען אין א מאמענט, ווען אלעס האט אויסגעזעהען לייכט צו דערגרייכען; מען האט ניט פאראויסגעזעהען קיין שום שוועריגקייטען, קיין שום סיורפרייזען. עס איז ניט קיין וואונדער, אז א גרויסער טייל פון די פרישע מיטגלידער איז ארונטערגעפאלען אונטער דער השפעה פון מאקסימאליסטישע, אפטמאל דעמאגאגישע לאזונגען פון דער קאמוניסטישער פארטיי, וועלכע האט געפירט א פיבערהאפטע פראפאגאנדע, געשאפען אין די געווערקשאפטען גופא אייגענע קאמוניסטישע „קערנדלאך."

אויף אזא אופן איז די קאמוניסטען געלונגען צו באקומען די מערהייט אין א רייה באזונדערע אינדוסטריעלע פעדעראציעס, וועלכע האבען אין „מאמענט פון דער פאראייניגונג געהאט א ניט קאמוניסטישע מערהייט. סיסטעמאטיש האט מען געארבייט אין די „קערנדלאך", וועלכע האבען עקזיסטירט אין יעדער פאבריק, אין יעדער אונטערנעמונג. אין די דאזיגע קערנדלעך האט מען באהאנדעלט די פראגען פון טאקטיק אין די געווערקשאפטען און אויף די פארזאמלונגען פון די סינדיקאטען, אויף די צוזאמענפארען פון באזונדערע אינדוסטריעלע צווייג־פעדעראציעס האבען די קאמוניסטען געהאנדעלט לויט די באשלוסען פון די „קערנדלעך", דאס הייסט, לויט די באשלוסען פון דער קאמוניסטישער פארטיי. באזונדער בולט איז דאס געווען ביי וואלען פון פארוואלטונגען פון סינדיקאטען און פון פעדעראציעס. מען פלעגט באזייטיגען סיסטעמאטיש אלע ניט קאמוניסטישע פירער הגם זיי האבען גוט

ווי אַ זעלטענע ערשיינונג, ווי אַ זעלטענער אויסנאַם — אפשר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון עקאָנאָמישע קריזיסען איז עס געלונגען דעם אָרגאַניזירטען אַרבייטער־קלאַס אויף אַן אָרגאַניזירטען אופן אָפּצושטויסען דעם אָנפאַל פון אַגרעסיווען קאַפּיטאַל און צווינגען די אינדוסטריאַליסטען אָפּצושוואַכען זייערע אַטאַקעס אויף די דעראָבערונגען פון די טרייד־יוניאָנס און אויף אַזאַ אופן צו גלייכער צייט אָפּצושוואַכען די קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטען פון דעם ווייטערדיגען פאַלען פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, וואָס איז אַ געוויינליכער רעזולטאַט פון דעם פאַלען פון דער קויף־קראַפט פון די אַרבייטענדיגע מאַסען, ווי אַ רעזולטאַט פון זייערע פאַרקלענערטע „פּעי־ראָלס".

די דאָזיגע לעקציע קאָן אין דער צוקונפט — אונטער געוויסע באַדינגונגען — זיך אַרויסווייזען פון פיל גרעסערער וויכטיגקייט, ווי דאָס קאָן זיך אויסווייזען אויבערפלעכליך אין דעם איצטיגען מאָמענט.

דער רעזולטאַט קאָן האָבען אַ פיל טיפערע באַדייטונג און זעהר ווייט־גייענדיגע פאָלגען.

⁂

רוזוועלט'ס פּאָליטיק איז אויך אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין אויפהאַלטען די קויף־קראַפט פון די מאַסען — און ווי אַ רעזולטאַט דאָס שטייגען פון דער פּראָדוקציע פון סחורות פאַר'ן מאַסען־געברויך.

די רעגירונגס־אויסגאַבען אין משך פון די לויפענדע 7 חדשים זיינען אויסגערעכענט דורכשניטליך אין אַן ערך 500 מיליאָן דאָלאַר אַ מאָנאַט. אין דער דאָזיגער סומע זיינען אַריינגערעכענט אויסגאַבען פאַר דירעקטער רעליף און פאַר די פאַרשידענאַרטיגסטע רעגירונגס־פּראָיעקטען.

די דאָזיגע רעגירונגס־פּראָיעקטען זיינען אויך הויפּטזאַכליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם שטייגען פון דער בוי־אינדוסטריע.

רוזוועלט'ס פּאָליטיק האָט אויך געווירקט אין אויפהאַלטען דעם איינקונפט פון די פאַרמערס. ווי אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיגער פּאָליטיק איינאיינעם מיט דער גוטער געראַטעניש איז דער פאַרם־איינקונפט פאַר הייניגעס יאָהר אָפּגעשאַצט פון דעם „דעפּאַרטמענט אָוו אַגריקאַלטשור" אין דער סומע פון 7 און אַ האַלב ביליאָן דאָלאַר אין פאַרגלייך מיט 8 און אַ האַלב ביליאָן דאָלאַר פאַראַיאָהרען.

דאָס פאַלען פון אַ ביליאָן דאָלאַר איינקונפט פאַר די פאַרמער איז טאַקע ניט קיין קלייניגקייט, אָבער מען קאָן דאָס ניט פאַרגלייכען מיט אַזוינע ערענסטע רעזולטאַטען ווי דאָס פאַלען פון דעם פאַרם־איינקונפט אין 4 און אַ דריטעל ביליאָן דאָלאַר אין יאָהר 1932.

⁂

וואָס איז דער אויספיהר?

עס איז פאַראַן גענוג גרונט צו רעכענען, אַז דער וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט וועט ווייטער אָנהאַלטען מיט געוויסע אָפּנייגונגען אין משך פון די קומענדיגע חדשים, הגם אין אַ לאַנגזאַמערען טעמפּאָ, ווי דאָס גיכע שטייגען צווישען מאַי און סעפּטעמבער.

הייסט דאָס אָבער, אַז דער קריזיס אין אַלגעמיין איז אַריבער? — בפירוש, ניין.

דאָס גיכע וואַקסען פון דער מאַסען־פּראָדוקציע צוליב דעם ווידערשטאַנד פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־מאַסען, צוליב דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג און צוליב אַ געוויסען הויב פון דעם פאַרם־איינקונפט איז געווען באַזונדערס באַמערקבאַר אין די פאַרגאַנגענע חדשים.

די שווערע אינדוסטריען האָבען ניט אַרויסגעוויזען אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע אַזאַ גיכע טענדענץ אין זייער שטייגען, ווי די לייכטע אינדוסטריען. עס איז אַ באַוואוסטער כלל, אַז אַ פונדאַמענטאַלע און לאַנגדויערנדע פאַרבעסערונג אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטליכער סיטואַציע איז אָפּהענגיג פון אַ פונדאַמענטאַלען וואוקס אין דער פּראָדוקציע פון די שווערע אינדוסטריען.

דער וואוקס פון דער פּראָדוקציע פון די לייכטע אינדוסטריען אָן דעם גלייכצייטיגען וואוקס פון דער פּראָדוקציע פון אַלע צווייגען פון די שווערע אינדוסטריען קאָן אַרויסרופען נאָר אַ צייטווייליגע פאַרבעסערונג פון דער ווירטשאַפט.

ווען אַזאַ צייטווייליגע פאַרבעסערונג זאָל אַפילו אָנהאַלטען אַ לענגערע צייט, ווען עס זאָל אַפילו ווידער אָנקומען אַ נייער פּעריאָד פון אַ פּאָר יאָהר פון אַזוי גערופענער „פּראָספּעריטי" — איז אָבער אין זאַך קלאָהר — מיליאָנען אַרבייטסלאָזע אונטער דער דאָזיגער „פּראָספּעריטי" וועלען סיי־ווי פאַרבלייבען.

אַ געוויסע צאָל וועט אָפּפאַלען פון דער גרויסער אַרמיי אַרבייטסלאָזע, וואָס מיר האָבען געהאַט הייַנטיגעס יאָהר. אַ ברייטע אַרבייטסלאָזיגקייט — וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן היינטיגען קאַפּיטאַליזם — וועט אָבער אַלץ פאַרבלייבען.

און אַלץ צוליב דעם ווייטערדיגען וואוקס פון דער אַרבייט־פּראָדוקטיוויטעט. דער דאָזיגער וואוקס פון דער אַרבייט־פּראָדוקטיוויטעט האַלט אין איין ווייטערדיגען שטייגען, צוליב דעם אָנווענד פון נייע מעטאָדען צו ראַציאָנאַליזירען דעם אַרבייט־פּראָצעס, צוליב דעם „ספּיד־אָפּ" און צוליב דעם אָנווענד פון אַלץ נייע מאַשינען צו פאַרבייטען די לעבעדיגע אַרבייטס־קראַפט.

אַזוי, צום ביישפּיל, איז די אַרבייט־פּראָדוקטיוויטעט הייַנטיגען יולי געשטיגען מיט 12 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט מאַי און מיט 22 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט נאָוועמבער, 1937.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז דאָס אָנווענדען פון מאַשינען צו פאַרבייטען אַרבייטס־קראַפט און די פאַרפולקאָמענע טעכניק איינאיינעם מיט אַ גיכערען אַרבייטס־שפּאַן האָבען געגעבען אַ מעגליכקייט אין משך פון נאָר איניגע חדשים צו העכערען די אַרבייטס־פּראָדוקטיוויטעט אויף אַזאַ אופן, אַז מען קאָן פּראָדוצירען כמעט די אייגענע צאָל, וואָס פריהער, מיט אַ 20 פּראָצענט וועניגער אַרבייטער.

דער דאָזיגער פאַקט איז פון געוואַלדיג גרויס וויכטיגקייט.

אפשר אַ העלפט פון דער צאָל אַרבייטסלאָזע זינט 1929 איז אַ רעזולטאַט פון דער אַלץ וואַקסענדיגער אַרבייט־פּראָדוקטיוויטעט.

⁂

דערפאַר ווען עס קומט צו דער פראַגע וועגען אַרבייטסלאָזיגקייט אין דער איצטיגער פאַזע פון דער אַזוי גערופענער „פּראָספּעריטי" ווייזט זיך אַרויס, אַז אין פאַרגלייך מיט 11 מיליאָן 362 טויזענט אַרבייטסלאָזע אין חודש מאַי האָבען מיר איצט אינגאַנצען מיט 1 מיליאָן אַרבייטסלאָזע וועניגער.

דאָס הייסט, אַז ניט קוקענדיג אויף אַ געוויסען און ממשות'דיגען וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט אין אַ גאַנצער ריי וויכטיגע צווייגן פון אונזער עקאָנאָמיק זיינען מיר נאָך אַלץ געבענטשט מיט איבער 10 מיליאָן אַרבייטסלאָזע.

דאָס הייסט, אַז די עקזיסטענץ פון מיליאָנען מענשען איז נאָך אַלץ אָפּהענגיג פון רעליף.

מיר האָבען פריהער אָנגעוויזען און אונטערשטראָכען די געוואַלטיגע וויכטיגקייט פון רעליף.

מיר קלייבען זיך ניט אויף אַ האָר צו מינדערען די אויסערגעוויינליכע באַדייטונג פון ראַטעווען מיליאָנען מענשען פון הונגער־נויט. דאָס איז דער עלעמענטאַרסטער חוב פון דער מלוכה. מיר ווילען אָבער אָנווייזען מעהר קאָנקרעט, וואָס דאָס הייסט לעבען פון רעליף. ווען די רעגירונג גיט אויס אַן ערך 200 מיליאָן דאָלער — לאָמיר זאָגען אין אַפּריל — אויף אויסהאַלטען אַרבייטסלאָזע, איז דאָס טאַקע אַ געוואַלדיג גרויסע סומע.

אָבער פאַר די 200 מיליאָן דאָלאַר דאַרפען לעבען אַן ערך 6 און אַ האַלב מיליאָן פאַמיליעס — אָדער אַ 20 מיליאָן נפשות. קומט עס אויס צו 12 דאָלאַר אַ חודש אויף אַ מענשען אָדער צו 40 סענט אַ טאָג.

פערציג סענט אַ טאָג איז טאַקע גאָר גענוג ניט צו שטאַרבען פון הונגער, אָבער ניט מעהר.

אין דער רייכסטער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה פון דער וועלט, אין די שטאָלצע פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, געפינען זיך 20 מיליאָן מענשען, אָדער אַ זעקסטעל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אויפ'ן ברעג פון הונגער־נויט.

דאָס איז אין דער רייכער אַמעריקע. טאָ, וואָס איז שוין צו ריידען פון די איבעריגע לענדער?

דאָס איז איצט — טאָ וואָס וועט זיין ווען די קומענדיגע געוואַלדיגע באַוואָפענונגס־אויסגאַבען וועלען אַרויפוואַרפען אויף די פּלייצעס פון די מאַסען אַזוינע לאַסטען, וואָס זיינען אומפאַרגלייכליך אין דער גאַנצער געשיכטע פון מלחמה־צוגרייטונגען פון אַלע פעלקער און לענדער אין דער וועלט ביז צום היינטיגען טאָג?

עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, אַז הייַנטיגעס יאָהר וועלען אַלע לענדער אויסגעבען 17 ביליאָן און 600 מיליאָן דאָלאַר פאַר באַוואָפענונג. אום צו באַגרייפען די באַדייטונג פון דעם ציפער, איז כדאי צו פאַרגלייכען די דאָזיגע סומע מיט די פריהערדיגע יאָהרען.

אין 1932 האָבען די דאָזיגע אויסגאַבען דערגרייכט אַ סומע פון „נאָר" 3 ביליאָן און 800 מיליאָן דאָלאַר, אין 1934 — 5 ביליאָן דאָלאַר, אין 1935 — 8 ביליאָן און 800 מיליאָן דאָלאַר, אין 1936 — 13 ביליאָן דאָלאַר, אין 1937 — 15 ביליאָן און 500 מיליאָן דאָלאַר.

די 17 ביליאָן און 600 מיליאָן דאָלאַר זיינען געוועזען אויסגערעכענט הייַנטיגעס יאָהר איידער דער מינכענער „פרידען" אָפּמאַך איז געשלאָסען געוואָרען.

נאָך דעם מינכענער „פרידען" — איז די דאָזיגע סומע גיך געוואָרען פאַרטאָפּעלט ביז צו 30 ביליאָן דאָלאַר. וואָס עס הייסט 30 ביליאָן דאָלאַר אַ יאָהר פאַר באַוואָפענונג קען מען פאַרשטיין, ווען מען זאָל האָבען אין זינען, אַז לויט די אַלטע „קאָנסערוואַטיווע" אויסרעכענונגען האָט ענגלאַנד אויסגעגעבען 7 פּראָצענט פון איהר נאַציאָנאַלען איינקונפט פאַר באַוואָפענונג, איטאַליע — 8½ פּראָצענט, פראַנקרייך — 14½, דייטשלאַנד — 16 און יאַפּאַן — 40.

⁂

הייסט עס — דער קריזיס איז נאָך ניט אַריבער.

און אויב דער קריזיס איז נאָך ניט אַריבער לאָזען זיך זיינע עקאָנאָמישע פאָלגען גאַנץ געשמאַק פיהלען.

אויב דער קריזיס איז נאָך ניט אַריבער, אויב מיר לעבען אין אַ פּעריאָדע פון אַ פּערמאַנענטען עקאָנאָמישען קריזיס מוזען זיך אויך גאַנץ געשמאַק לאָזען פיהלען זיינע פּאָליטישע פאָלגען.

די פּאָליטישע פאָלגען פון דעם פּערמאַנענטען קריזיס פון־אונזער עפּאָכע באַשטייט אין דעם, וואָס די פאַשיסטישע טענדענצען אין גאָר דער וועלט ווערען אַלץ שטאַרקער און זיי באַדראָהען די דעראָבערונגען פון אַרבייטער־קלאַס אין די פאַרבליבענע דעמאָקראַטישע לענדער.

# א. ברוין־סערגיי צו־גאַסט אין אַמעריקע

די טעג איז צו אונז אין אַמעריקע געקומען פון פּאַריז זעהר אַ ליבער גאַסט — גענאָסע א. ברוין, וועלכער איז געוועזען באַקאַנט אין דער בונדישער באַוועגונג פון דער אַלטער היים, אונטער זיין פּאַרטייאישען נאָמען — סערגיי.

טויזענטער און טויזענטער אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע וועלכע קומען פון די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון פּוילען, פון ליטע, פון אוקראַינע געדענקען און דערמאָנען זיך געוויס אָן איינעם פון די אַקטיווסטע און ערליכסטע טוהער און בויער פון דער אידישער און סאָציאַליסטישער אַרבייטער באַוועגונג אין דער אַלטער היים. גענאָסע סערגיי איז ניט נאָר געווען איינער פון די באַליבסטע רעדנער, נאָר אויך אַ גלענצענדער אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט זיך אויך ספּעציעל אָפּגעגעבען מיט דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג פון די אידישער אַרבייטער און אַ סך טוהער און אודאי אַ סך מיטגלידער פון דער אידישער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע דערמאָנען זיך יענע יאָהרען, ווען די בונדישע רעדנער און אָרגאַניזאַטאָרען האָבען זיך אָפּגעגעבען, צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט, דעם קאַמף פאַר דער אויסבעסערונג פון דער טרויעריגער עקאָנאָמישער לאַגע פון די אידישע אַרבייטער.

ווי מען גיט אונז איבער, ווערט איינגעאָרדענט אַ סאָציאַליסטישער און אַרבייטער קבלת פּנים פאַר גענאָסע סערגיי, דעם 5טען נאָוועמבער, צווישען די פּראָמינענטע פאַרטרעטער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער און אַרבייטער באַוועגונג, באַטייליגען זיך אין דעם קבלת פּנים קאָמיטע דער פּרעזידענט פון אונזער אינטערנעשאָנאַל ד. דובינסקי, און דער רעדאַקטאָר פון דער „גערעכטיגקייט", דר. ב. האָפמאַן (צביון).

גענאָסע א. ברוין־סערגיי וועט אונטערנעמען אַ ריי אַרויסטרעטונגען אין ניו יאָרק און איבערן לאַנד. מיר זיינען זיכער אַז טויזענטער אידישע אַרבייטער וועלען אויסנוצען די מעגליכקייט צו קומען אין פּערזענליכען קאָנטאַקט מיט איהם און געניסען פון דעם גייסט, פון דעם מוט און גלויבען אין דער זאַך פון אַלע ליידענדיגע מענשען און אידען, די פאַרקערפּערונג פון וועלכען עס איז אונזער גאַסט גענאָסע אַ ברוין־סערגיי.

# ציטווייליגע פראספעריטי און פערמאנענטער קריזיס

פון פראפעסאר א. דוביצקי.



ער קריזיס איז שוין באלד אריבער און מיר זיינען ווייטער אויפן שוועל פון א נייער פעריאדע פון פראספעריטי — אזוי פארזיכערט מען אונז און מען באווייזט אונז באשיינפערליך מיט ציפערען דעם וואוקס פון דער דאזיגער פראספעריטי אין דער לעצטער צייט.

די פראדוקציע אין א גאנצער רייהע וויכטיגע אינדוסטריען פון לאנד זיינען געוואקסען, די ארבעטסלאזיגקייט האט זיך פארקלענערט און עס זיינען פאראן גוטע אויסזיכטען, אז די דאזיגע לאגע וועט ניט נאר אנהאלטען, נאר לויט אלע סימנים וועט די דאזיגע טענדענץ זיך ווייטער אנטוויקלען אין דער זעלבער ריכטונג. יעדענפאלס אין משך פון א פאר יאהר, באהויפטען די יעניגע, וועלכע זיינען גענויגט צו זיין פארזיכטיג. איהר קאנט דאס הערען אין דער טאגטעגליכער פרעסע, אין א גאנצער רייהע ענדלאזע סטאטיסטישע באריכטען און לעצטענס ווערט די דאזיגע פרעהליכע בשורה צעטראגען אין הויכע גרילצענדיגע טראמפייטען־טענער איבער דער ראדיא.

אונזער באשיידענע פערזענליכע אויפגאבע באשטעהט גראד ניט אין אפלייקענען יעטווידער גוטע בשורה אויף להכעיס די פאקטען. מיר זיינען ווייט ניט גענויגט מאלען בילדער טרויעריגער ווי די רעאלע ווירקליכקייט. אין אונזער צייט וואלט דאס דוקא געווען א שווערע, כמעט אונדערגרייכבארע אויפגאבע. א פאנטאזיע שווארץ ווי טינט איז ניט אימשטאנד צו קאנקורירען מיט אונזער ביטערער ווירקליכקייט.

וואס מיר זיינען אויסען — איז געבען אן אפשאצונג וועגען דער היינטיגער ווירטשאפטליכער לאגע אין לאנד, ניט אפלייקענענדיג באשיינפערליכע פאקטען וועגען א געוויסען און זייער ממשות'דיגען וואוקס פון אינדוסטריעלער אקטיוויטעט, אבער שטעלענדיג דעם טראפ הויפטזעכליך אויף דעם, אויף וויפיל דער דאזיגער וואוקס האט פארבעסערט די לאגע פון די ארבייטענדיגע מאסען, אויף וויפיל דער וואוקס פון דער אינדוסטריעלער פראדוקציע האט פראפארציאנעל און ממשות'דיג פארקלענערט די ארבייטסלאזיגקייט און געהעכערט דעם לעבענס־סטאנדארד פון דעם דורכשניטליכען הארעפאשניק.

לויב־גענאנגען אין פארבינדונג מיט נייע הויכע פראפיטען, ווי א רעזולטאט פון דעם איצטיגען אינדוסטריעלען וואוקס וועל איז דורכלאזען און איך בין זיכער, אז די לייענער פון דער „גערעכטיגקייט” וועלען עס מיר פולשטענדיג מוחל זיין.

און נאך עפעס, וואס איז זעהר וויכטיג. ווען מען רעדט וועגען א געוויסען וואוקס פון אינדוסטריעלער אקטיוויטעט אין דעם איצטיגען מאמענט — און ווען מיר זאלען אפילו צוגעבען, אז דער דאזיגער וואוקס איז פארהעלטניסמעסיג גאנץ ממשות'דיג — שטעלט זיך אבער די פראגע, אויף וויפיל דער דאזיגער וואוקס איז ניט נאר ממשות'דיג אין זיין גרויס, נאר אויך דער דאזיגער וואוקס איז אן אויסדרוק פון אן אנקומענדיגער לאנגער פעריאדע פון ווירטשאפטליכער סטאביליטעט, א פעריאדע פון אמת'ער, אלץ ארומכאפענדיגער פראספעריטי, א פעריאדע, וואס וועט אין משך פון לאנגע יאהרען אנהאלטען די דאזיגע טענדענץ פון דער ווירטשאפט בארג ארויף, אדער פארקעהרט — דער דאזיגער וואוקס איז ניט מעהר ווי א ציטווייליגער איבערייס אין דעם אלגעמיינעם, פערמאנענטען און כראנישען קריזיס פון דער היינטיגער ווירטשאפטס־סיסטעם. עס איז פאראן גענוג גרונט אנצונעמען, אז דאס, וואס ווערט באצייכנט אין אזוינע איבערטריבענע לויב־געזאנגען, ווי אן ענד פון קריזיס בכלל, איז ניט מעהר, ווי א געוויסע פאזע אין דעם אנטוויקלונגס־פראצעס פון אונזער קאפיטאליסטישער עקאנאמיק.

עס איז אויך זעהר וויכטיג ניט ארויסצולאזען פון אויג דעם איינפלוס, וואס די געוואלטיגע מלחמה־צוגרייטונגען אין גאר דער וועלט און די קאלאסאלע אויסגאבען, וואס זיינען מיט דעם פארבונדען, מוז האבען אין ארויסרופען ציטווייליגע אויפלעבונגען פון ווירטשאפטליכער אקטיוויטעט, באזונדערס אין אזוינע לענדער, ווי די פאראייניגטע שטאטען און ענגלאנד, וועלכע אנטהאלטען נאך אין זיך גענוג לעבענס־קראפט, אום די דאזיגע קינסטליכע איינשפריצונגען — געוואלטיגע הוצאות פאר באוואפנונג — זאלען זיין אימשטאנד ציימטווייליג צו העכערן זייערע ...

ווייליג צו העכערען זייער אינדוסטריעלע אקטיוויטעט — און אפילו ארויסצורופען א גאנץ ממשות'דיגען וואוקס אין זייער אינדוסטריעלער פראדוקציע.

פריהער פון אלץ וועלען מיר איבערגעבען געוויסע פאקטען און ציפערען און נאכדעם וועלען מיר מאכען א פארזוך זיי געהעריג צו אנאליזירען.

⁂

לויט די אויסרעכענונגען פון דעם אלעקסאנדער האמילטאן אינסטיטוט וועט דער נאציאנאלער איינקונפט אין דעם צווייטען העלפט פון הינטיגען יאהר זיין מיט 5 ביליאן דאלאר העכער, ווי אין די ערשטע זעקס חדשים. דער נאציאנאלער איינקונפט פון די ערשטע זעקס חדשים פון היינטיגען יאהר באטרעפט 25 ביליאן און 400 מיליאן דאלאר. פאר דעם צווייטען העלפט יאהר איז דער דאזיגער איינקונפט אויסגערעכענט אין דער סומע פון 30 ביליאן און 600 מיליאן דאלאר. דאס הייסט, אז דער נאציאנאלער איינקונפט פון דעם היינטיגען יאהר וועט באטרעפען 56 ביליאן דאלאר אין פארגלייך מיט 69 ביליאן און 817 מיליאן דאלאר אין פאריגען יאהר. אין יאהר 1936, האט דער נאציאנאלער איינקונפט באטראפען 63 ביליאן און 466 מיליאן דאלאר און אין יאהר 1935 — 55 ביליאן און 186 מיליאן דאלאר.

דער „פעדעראלער ריזווירוו ביולעטין” ווייזט אז, אז דער ביזנעס־אינדעקס פאר סעפטעמבער, איז געווען 90 פראצענט (דער דורכשניט פאר די יאהרען 1923—25 ווערט אנגענומען פאר 100) אין פארגלייך מיט 88 אין אווגוסט, 83 אין יולי און מיט א דורכשניט פון 77 אין צווייטען פערטעל פון היינטיגען יאהר. אויף אזא אופן איז דער ביזנעס־אינדעקס פאר סעפטעמבער — 90 פראצענט — דער העכסטער זינט אקטאבער 1937, ווען ער האט דערגרייכט די הויך פון 102. פאראיאהרען נאוועמבער איז ער געפאלען ביז 88 און היינטיגס יאהר אין מאי ביז 77. פאראיאהרען סעפטעמבער איז דער אינדעקס געווען — 111.

דער וויכטיגסטער באראמעטער פון דעם צושטאנד פון דער אמעריקאנער ווירטשאפט איז די שטאל־אינדוסטריע. די פראדוקציע פון שטאל האט אין סעפטעמבער דערגרייכט 46 פראצענט פון דער פראדוקציע־פיאיגקייט אין פארגלייך מיט 42 אין אויגוסט און 76 אין סעפטעמבער, 1937. היינטיגען יוני איז די שטאל־פראדוקציע געפאלען אזוי נידעריג ווי 28 פראצענט. אין ערשטען פערטעל יאהר איז זי דורכשניטליך געשטיגען אויף דער הויך פון 31 פראצענט, אין צווייטען פערטעל — 30 און אין דריטען פערטעל — 40 פראצענט.

אן אנדער באראמעטער — איז די צאל מיט פראכט־אנגעלאדענע אייזענבאן־וואגאנעס (קארס) די צאל פון אזעלכע אייזענבאן־וואגאנעס האט דערגרייכט א דורכשניט פון 700 טויזענט א וואך — די העכסטע צאל אין משך פון די לעצטע 11 חדשים — אין פארגלייך מיט אן ערך 600 טויזענט אין אפריל.

אין יאהר 1935 האט זייער צאל דערגרייכט אן ערך 734 טויזענט און אין יאהר 1937 אן ערך 850 טויזענט.

די פראדוקציע פון אויטאמאבילען האט דערגרייכט אן ערך 50 טויזנעט א וואך — אן ערך 19 טויזענט מעהר ווי אין דער זעלבער צייט אין יאהר 1935 — און מיט דער אויסזיכט פון א ווייטערדיגען וואוקס ביז אן ערך פון 25 צו 50 פראצענט העכער, ווי אין לעצטען סעזאן.

די בוי־אינדוסטריע, וואס איז אין משך פון ערשטען האלב־יאהר געווען פיל נידעריגער, ווי אין דער זעלבער צייט אין פאריגען יאהר איז שטארק געשטיגען, טיילווייז — אויב ניט הויפטזאכליך — צוליב דער בויטעטיגקייט פון דער רעגירונג.

דער וואוקס פון דער בוי־אינדוסטריע אין היינטיגען סעפטעמבער איז געווען דער העכסטער זינט 1929. אין משך פון די פארלאפענע ניין חדשים פון היינטיגען יאהר, איז די בוי־אינדוסטריע געשטיגען מיט א דריטעל העכער ווי אין יאר 1937—דער העכסטער וואוקס זינט 1930.

דער איינצעל־האנדעל, וואס איז אין ערשטען פערטעל פון יאהר אפגעשטאנען מיט 25 פראצענט אין פארגליך מיט פאראיאהרען, האט איצט דערגרייכט די הויך פון יאהר 1937.

די צאל מאשינען־געווערקצייג איז שטארק אויסגעוואקסען אין משך פון יולי און אויגוסט.

⁂

א באזונדערס הויכען וואוקס האבען אבער ארויסגעוויזען די אינדוסטריען, וואס פראדוצירען סחורות פאר דעם ברייטען מאסען־געברויך, די אזוי גערופענע לייכטע אינדוסטריען, ווי שפייז, טעקסטיל, שיך, אויטאמאבילען־שינען א. אז. וו.

באזונדערס שארף איז געוואקסען די אקטיוויטעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. דער דאזיגער וואוקס איז אנגעגאנגען אזוי גיך, אז ער האט ווייט אריבערגעיאגט די נאכפראגע. ספעציעל אין דער בוימוואל־אינדוסטריע. צוליב די נאך אלץ פארבליבענע גרויסע רעזערווען און צוליב דער פולער באפרידיגונג אין דער נאכפראגע פון די איינצעל־קויפער איז מעגליך, אז די דאזיגע אקטיוויטעט זאל זיך שטארק פארקלענערן אין משך פון די קומענדיגע חדשים.

דער דאזיגער באזונדערס הויכער וואוקס פון די אנגעוויזענע אינדוסטריען איז פאר אונז פון זייער גרויס אינטערעס, ווייל די אורזאך פון דעם דאזיגען וואוקס איז אין א גרויסער מאס פארבונדען מיט דעם ווידערשטאנד פון די יוניאנס צו שניידען ווידזשעס און אפזאגען ארבייטער.

צוליב דעם זיינען די „פעי־ראלס” ניט געפאלען אין דער זעלבער אלגעמיינער פראפארציע, ווי דאס געוואלדיגע פאלען פון דער אינדוסטריעלער פראדוקציע. צוליב דעם איז די קויף־קראפט אין דעם דאזיגען פעריאד געווען פיל העכער ווי זי וואלט געווען אונטער אנדערע באדינגונגען — און דאס האט אנגעהאלטען די נאכפראגע אויף סחורות פון ברייטען מאסען־געברויך אויף א געוויסער הויך.

אויף דעם דאזיגען פאקט האבען מיר אנגעוויזען אין איינעם פון אונזערע פריהערדיגע ארטיקלען. („די ווירקונג פון דעם ארגאניזירטען ארבייטער־קלאס אויפ'ן קריזיס” — „גערעכטיגקייט”, יולי). אין יענעם ארטיקעל האבען מיר געשריבען: „אין דער צייט, וואס די אינדוסטריעלע פראדוקציע איז היינטיגס יאהר מיט 37 פראצענט נידעריגער ווי מיט א יאהר צוריק, אין דער צייט וואס די פראדוקציע פון שטאל איז געפאלען אויף 62 פראצענט אין פארגלייך מיט א יאהר צוריק, זיינען די „פעי־ראלס” געפאלען נאר אויף 27 פראצענט אין פארגלייך מיט דעם פאריגען יאהר.

נאר א דאנק דעם ארגאניזירטען ווידערשטאנד פון די ארבייטער איז געווען מעגליך ניט צו דערלאזען אפצוזאגען ארבייטער און פארקלענערן ווערידזשעס אין דער זעלבער פראפארציע ווי דאס פאלען פון דער פראדוקציע. אין פילע פאלען האבען עס די יוניאנס ניט דערלאזען אפזאגען ארבייטער און שניידען ווערידזשעס, ווי דאס איז פארגעקומען אין דער פריהערדיגער דעפרעסיע אונטער דעם הונגער־רעזשים פון הואווער. די מאכט פון די יוניאנס האט זיך אין דעם פאל ארויסגעוויזען אויסערגעווייגליך וויכטיג”.

צום סוף פון ארטיקעל זאגט זיך: „ווען עס זאל זיין מעגליך אנצוווענדען א געוויסען דרוק אויפן קאנגרעס דורכצופירען א ברייטע פראגראם פון רעליף און פון געזעלשאפטליכע ארבייטען און דער עיקר — ווען דער קאמף געגען שניידען ארבייטער ווערידזשעס און געגען אפזאגען באשעפטיגטע ארבייטער זאל אנגעפירט ווערען אויף אן ענערגישען אופן — דעמאלט איז מעגליך, אז דאס ווייטערדיגע פאלען פון דער פראדוקציע זאל ניט דערגרייכען די שטופע פון יאהר 1932.”

איצט קאן מען באשיינפערליך זעהן, ווי דאס יוניאניזירען פון די וויכטיגע אינדוסטריען האט ניט נאר געהאלפען די ארבייטער קעמפען געגען דער פאליטיק פון די אינדוסטריאליסטען צו שניידען ווערידזשעס און אפזאגען ארבייטער, נאר איז אויך געווען פיאיג אויסצואיבען א מעכטיגען איינפלוס אויף דער עקאנאמישער פאליטיק פון לאנד און אין א געוויסער — און אין גאר ניט קליינער מאס — אפצושוואכען די טענדענץ פון דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון דער איצטיגער דעפרעסיע.

עס איז אן אנגענומענע פאליטיק פון די הערשענדע קלאסען אין א צייט פון א קריזיס אריבערצוטראגען די גאנצע משא פון דער דאזיגער עקאנאמישער קאטאסטראפע אויף די פלייצעס פון די ארבייטענדיגע מאסען.

# אין דער וועלט פון ארבייט

פון מארק כינאי.

## ניט אלץ איז שווארץ.



י דעמאקראטישע כחות פון דער וועלט האבען אין די לעצטע פאר וואכען דורכגעמאכט אזא קאטאסטראפע, דאס ביי פילע האט זיך געשאפען דער געפיל, דאס מיט היטלער'ס טריאומף אין מיטעל־איראפע איז אלץ פארלארען. פאשיזם, נאצי־בארבאריזם, טאטאליטארער מלוכה־קאפיטאליזם, וואס באהערשט שוין א צאל פון די לענדער וואס האבען נאך נעכטען זיך גערעכענט פאר די ציוויליזירטסטע און די פארגעשריטענסטע אין דער וועלט, שפרייט אויס אלץ מער זיינע פינסטערע פליגלען, און וועט היינט־מארגען ארומכאפען די גאנצע מענשהייט. יעדער טאג ברענגט נייע און נייע פרוכטען פון דער קאפיטולירונג־טאקטיק וואס די פארשטייער פון די הערשענדע קלאסען פון ענגלאנד און פראנקרייך האבען דעמאנסטרירט זינט די פאשיסטישע חיה האט זיך באוויזען אויפ'ן אינטערנאציאנאלען האריזאנט.

עס איז שוין איצט אויסער צווייפעל, דאס דער לעצטער עטאפ אין דער קאפיטולירונגס־פאליטיק, דער מינכענער אפמאך, וואס האט געזאלט קויפען פרידען פאר דער וועלט און א סטאביליזירטען עקאנאמישען לעבען אויפ'ן חשבון פון די טשעכישע דעמאקראטען, האט אין דער אמת'ן נאך מעהר פארשטארקט די געפאר פון מלחמה, נאך מער פארשנעלערט דעם פראצעס פון אלגעמיינער פארשקלאפונג צו די פאשיסטישע דיקטאטארן.

אין אזא צייט איז אויסערגעוויינליך שווער צו באמערקען די אזויגערופענע ליכטיגע שטריכען אין דעם אינטערנאציאנאלען געזעלשאפטליכען לעבען. און נאך שווערער איז עס צו שרייבען וועגען זיי. ווער רעדט שוין וועגען פרובירען אפצושאצען ווי געהעריג זייער וויכטיגקייט אין דעם קאמף פון ארבייטער פאר א בעסערער צוקונפט.

### דריי לענדער — און דריי טריאומפען.

אט האט דער טעלעגראם געבראכט די טעג באריכטען וועגען גוואלדיג גרויסע ארבייטער זיגען אין דריי פארשידענע לענדער: אין ניו זילאנד, אין שוועדען און אין בעלגיע. יעדע איינער פון די דאזיגע נאכריכטען וואלט ביי אונז, אין געוויינליכע צייטען, ארויסגערופען א ווירקליכע יובעל־שטימונג און א גלויבען דאס דער ענדגילטיגער זיג אונזערער, די עטאבלירונג פון א פרייהייטלאכען סאציאליזם, וועט אויף זיך לאנג ניט לאזען ווארטען. אין דער היינטיגער געדריקטער שטימונג אבער האט אפילו די ארבייטער פרעסע זייער ווייניג אויפמערקזאמקייט געצאלט צו די דאזיגע וויכטיגע נייעס.

און דאס איז א גרויסער שאדען.

אין דער ענגלישער דאמיניאן רעפובליק, ניו־זילאנד, וואו די לייבאר פארטיי קאנטראלירט די רעגירונג שוין דריי יאר צייט, זיינען דעם 15טען אקטאבער פארגעקומען נאציאנאלע וואלען צום פארלאמענט, אויף וועמעס רעזולטאט די דענקענדע ארבייטער פון דער וועלט האבען געווארט מיט גרויס אומגעדולד. די הויפט אישו אין די דאזיגע וואהלען איז געוועזען אויב דאס לאנד זאל פארזעצען ווייטער די פאליטיק פון איינפירען „סאציאליזם אין אונזער צייט", וואס דער סאציאליסטישער פרעמיער מאיקעל סעוועדזש, האט מיט אזא דראמאטישען אימפעט און מיט אזא גרויסען ערפאלג, דורכגעפירט אויף פילע געביטען פון געזעלשאפטליכען לעבען.

דער ענטפער, וואס דאס לאנד האט געגעבען איז, ווי עס ווייזען די קעיבעל באריכטען אין דער ניו יארק „טיימס", געווען א פאזיטיווער און ענטשידענער „יא". די וויילער האבען ווי געזאגט צו דער ארבייטער רעגירונג: „זעצט פאר ווייטער די ארבייט, וואס איר האט אנגעפאנגען, ווען איר האט סאציאליזירט מעדיצין, געמאכט פריי פאר אלע בירגער האספיטאלען און מעדיקאמענטען, אויפגעבויט מאדערנע וואוינונגען פאר די ברייטע מאסען אין די צענדליגער טויזענטער, געשניטען די ארבייטס־וואך, געהעכערט די וועידזשעס פון די ארבייטער און די שטייערען פון די רייכע, איינגעפירט אלגעמיינע עלטער־פענסיע, פארגרעסערט ארבייטסלאזע בענעפיטס און בענעפיטס פאר קראנקע און אינוואלידען, געשניטען די פראצענטען אויף מארטגעדזשעס פון פארמערס און הויז־אייגענטימער, געלייגט דעם פונדאמענט פון דער נאציאנאליזירונג פון באנקען און קרעדיט, אנגעפאנגען א פארצוייגטע פראגראם פון סאציאליזירן די וויכטיגסטע אינדוסטריען און פון פלאנירן דאס גאנצע פאלקס־ווירטשאפט..."

אלע קאפיטאליסטישע פארטייען האבען ערב די וואהלען זיך פאראייניגט ארום דער נאציאנאלער פארטיי און אויסגעגעבען א פארמעגען מיט געלט אויף פראפאגאנדע געגען דעם רעוואלוציאנערען פראגראם פון דער לייבאר פארטיי... דער אנטי־לייבאר בלאק האט קאנטראלירט אלע צייטונגען פון לאנד, און אלע פריוואטע ראדיאס. די ארבייטער האבען געהאט נאר זייער קליינע צייטונג, א וואכענבלאט, און די ראדיא פון דער רעגירונג אויף אפצושלאגען די אטאקע און בלבולים פון די געגנער און געווינען די סימפאטיעס פון די פארמערס.

דער רעזולטאט פון די וואלען האט באוויזען אז דאס האט זיך די ארבייטער פאלקאם איינגעגעבען. עס זיינען ערוויילט געווארען 55 לייבאר דעפוטאטען און 25 פון דער „פאראייניגטער" נאציאנאלער פארטיי.

55 ארבייטער און 25 קאפיטאליסטישע דעפוטאטען. קען דען זיין א בעסערער באוויז אז די ראדיקאלע סאציאליסטישע פראגראם פון דער ארבייטער פארטיי האט שטארק אויסגענומען ניט בלויז ביי די ארבייטער. גרויסע מאסן פון צווישען די מיטעל־קלאסען און פארמערס האבען, ווי עס ווייזט אויס, אויך געשטימט פאר דער לייבאר פארטיי.

און עס קען גאר קיין צווייפעל ניט זיין, דאס די וואלען אין ניו זילאנד וועלען האבן זייער א גינסטיגען אפקלאנג אויך אין דעם שכנ'ישען פארבאנד פון פעדעראטיווע שטאטען, אין אויסטראליע, וואו אן ארבייטער פרעמיער, לאיענס, רעגירט מיט דער הילף פון א ליבעראלער קאאליציע.

### און ניו־זילאנד איז ניט אליין.

און דאס וואס מיר האבען געשריבען וועגען ניו־זילאנד קען געזאגט ווערען וועגען דעם גרויסען עלעקשאן זיג, וואס די סאציאלדעמאקראטישע ארבייטער פאר־

---

וועט איצט זיין ? ווי איז איר לעבען ! איצט שפרייט זיך האס אין איר בלוט ! איצט רייסט זיך א לעבען אין איר לייב, און וואו זאל זי אנטלויפען און באהאלטען איר ווייטאג.

און דזשעקסאן דער נאר האט דאס באטראכט פאר מיידלשע קאפריזען. פלעגט ער ווי דארשטיגער זיך איינזויגען אין אירע פולע ליפען. האט א נייער פיבער פארצערט איר לייב ! דערנאך שלאפלאזע נעכט. דער מאמעס בייזע אויגען האבען מיט בייטשען געשניטען איר לייב. האט זי איינמאל ביינאכט, ווען די לבנה האט געצויבערט איבער די קרומע הייזער פון שטעטעל, ווען דער ווינט איז געלעגען פארגליווערט אויף די בערג, ווען די שאטענס זיינען געלעגען אויסגעשפרייט מיט נאכט־מידקייט אויף די פעלדער. אין אזא נאכט האט זי אנגעשריבען דזשעקסאנ'ען א בריף, אים דערציילט פון אלץ ! דערציילט אז זי גייט דערשטיקען דעם לעבען וואס שפארט זיך אין איר קערפער, דערנאך מיט שטילע טריט פארלאזען די הויז.

מעמי איז געגאנגען צום פעלד, וועלכע הענגט איבער דעם שטראמיגען טייך. ווי אן אדלער מיט א געהויבענעם קאפ. העכער, העכער... ענדליך דערגרייכט. אונטען רוישען די וואסערען. אויבען טונקט זיך בלויקייט אין ווייס־גרויען זילבער. רעכטס די שטעטעל, טויט און שאטענדיג. העכער די ווייטע לארדען, די הערשער פון לעבען ! אויפ'ן פעלז זי און די נאך ניט געבוירענע קינד, וועלכע מאנט לעבען. קיין ווינט איז ניטא. שטילקייט . . . אזע אומעטיקע שטילקייט. גאט בעטען ? צו וואס ? צו וועמען ? צו וואס האט ער איר געגעבען דאס לעבען !

קעלט פרירט איר רוקען. „גאט, זי וויל ניט שטארבען !" זי ווישט די אויגען, די טרערען ברענען איר לייב, די נאכט שפארט זיך ארום איר. וויקעלט איר איין. פון בארג שיינט ליכט, פון טאל פינסטערניש. די פאבריקען מיט די הויכע קוימענס לאכען אין דער נאכט. שטארבען ! זי פארמאכט די אויגען. שווארצע שאטענס שוועבען פון פעלד, שווארצע נאכט. א געשריי ! שטילקייט — טויט !

דזשעקסאן איז דריי טעג געלעגען אין הויז. ער האט ניט געוויינט, ניט געשריען, נאר זיך געראנגעלט מיט זיין ביטערניש. ביי נאכט איז ער געזעסען אין דרויסען ביים הויז און געקוקט צום פעלז וועלכער הענגט איבער'ן וואסער. אויפ'ן פערטען טאג איז ער אוועק פון הויז. א פארגליווערטע מידקייט האט שווער געמאכט זיינע גלידער. די הענט האבען ליימיק אראפגעהאנגען צו דער ערד. די אויגען נאר האבען פיבערהאפט זיך געצונדען.

א גאנצען טאג איז ער געווען באהאלטען אין א הייל. פארנאכט האט ער זיך ווי א חיה ארויסגערוקט, געווארט שטיל ביז די זון איז פארגאנגען. א העלע נאכט האט אנגעצונדען דעם הימעל. א ווינט האט זיך צעזונגען איבער דער ערד. דזשעקסאן איז געלעגען באהאלטען אויפ'ן וועג, וואס פירט צום בארג. ער האט געוואוסט אז דער פארמאן וועט באלד פארבייגיין, די מינוטען האבען געגליווערט זיין בלוט ! פון דער ווייטענס האט ער געהערט יענעמס זיכערע טריט. דזשעקסאן האט לענגער אויסגעצויגען זיינע ארעמס, די פינגער האבען זיך ווי שלאנגען געקנייטשט. יענער איז געגאנגען א רואיגער, א זיכערער, ווען דזשעקסאן האט זיין האלז אריינגעכאפט אין זיינע הענט. יענער האט זיך געווארפען. געוואלט שרייען, נאר דער צונג איז געבליבען הענגען ווי אן אנגעשוואלען שטיק פלייש. דאס פנים בלוטיק רויט, דערנאך בלוי. דזשעקסאן האט ווי מיט קלאמערען געדריקט די האלז. עפעס האט זיך א בראך געטאן. יענער האט זיך מער ניט געצאפעלט, נאר איז געבליבען הענגען אין דזשעקסאנס גארילע הענט, מיט ארויסגעשפארטע אויגען און צונג.

ווי א פגר האט אים דזשעקסאן געשלעפט צום הייל. א ווילדער געלעכטער האט זיך געריסען פון אים. האט געוויינט און געלאכט צוזאמען: — ער האט די ווייסע בעסטיע אריינגעווארפען אין הייל, א שפיי געטאן דעם פגר אין פנים און איז אוועק אהיים. געזאגט דעם טאטען אז ער פארט „איסט", בריוו שיקען דזשענעראל דעליווערי. דער טאטע האט אים שווייגענדיג געדריקט די האנט. די מאמע האט געווישט מיט'ן פארטוך די אויגען, די שוועסטער האט געכליפעט אין ווינקעל פון הויז. ער איז שנעל אוועק. דערגרייכט „איסט". איז וואס ווייטער ?...

אט איז ער אליין אין פעלד. פון דער ווייטען שפיגלען זיך די אייזענבאן רעלסען, שניידען די לופט מיט זייער שטאלענעם גלאנץ. דזשעקסאן זעט אין די פעלד שאטענס זיין טאטענס קערפער, זיך וויגענדיג פון א הויכען בוים ! געשטארבען פאר אים ! מען האט זיכער דעם פגר פון הייל ארויסגעשלעפט. און די ווייסע לארדען האבען ראכע גענומען פאר זייער שטאם ! דער טאטע צאלט פאר די קינדער, די קינדער פאר די עלטערען ! זייער גאנצער שטאם איז פארשאלטען פון הימעל און ערד ! גוט וואס ער האט דעם לארד דערשטיקט. א צאן פאר א צאן. אן אויג פאר אן אויג ! בלוט פאר בלוט !

נאר דאס הארץ טוט פיינלעך וויי. ניטא מער וואס צו טאן מיט זיין לעבען. פארשאלטען זאל זיין הימעל און ערד ! פאר די בלוט פון זיין שטאם, פאר די בלוט פון זיינע ליבסטע.

דזשעקסאן הערט ווי פון דער ווייטקייט סאפעט א באן, טראגען זיך מענשען ערגעץ אין די ווייטע ווייטקייטען. צו וואס ? מיד איז ער, דער לעבען אטעמט מיט גרויקייט. עס שטיקט אים א געלעכטער. דזשעקסאן לאכט פון הימעל. לאכט פון זיין פיין. ער גייט נענטער צו די רעלסען. ער שטייט און קוקט אויף זייער שטאלענער הארטקייט. פון דער ווייטען לויפט אימפעדיג די באן, דער לאקאמאטיוו קלאפט שטאל אן שטאל. „גענטער מיין גאט צו דיר". דזשעקסאן ווישט מיט דער האנט די טרערען. נאכט שווארצקייט יאגט זיך איבער די פעלדער, פייפט דער ווינט דעם טויט אויס, רייסט זיך שנעלער די באן, רייסט שטיקער פלייש פון דזשעקסאנ'ס קערפער. שווארצע נאכט, שווארצע לייב, ליגט דזשעקסאן'ס קאפ אפגעריסען פון קערפער. שפארט זיך בלוט פון די אויגען. די ווייסע ציין לאכען פון הימעל, לאכען פון לעבען, און די אויגען וויינען בלוטיק פאר גאט !

# ניגער דזשעקסאָן

מ. קראַוועץ.

(דערציילונג)



ען דזשעקסאָן האָט אָפּגענומען דעם בריוו פון פּאָסט, האָט ער אים גלייך ניט געעפנט. ער איז פאַר אַ פּאָר מינוט געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטיינערנעם פּאַרקאָן, פאַרמאַכט די אויגען, און געטראַכט וועגן זיין שטעטעל, וועלכע רוט אין דעם זוניקען טאָל פון קענטאַקי. ער ווישט אָפּ מיט דעם שמוציגען אַרבעל די שוויס פון זיין פּנים, עפנט פּאַמעלאַך דעם בריוו. זיין הויכער קערפּער ווערט איינגעבויגען, די נאָדלעכער ווערען ברייטער, די אויגען ליכטיגער. אַ גרוס פון זיין היים, פון די ברייטע פעלדער וועלכע זוניקען זיך ביי די ברעגען פון טייך.

קוקען זיינע אויגען אין בריוו, וויגט זיך זיין קערפּער הין און צוריק. דריקט ער די פויסטען צוזאַמען! „גאָט" און פון זיין נאַכטיגען פּנים שפּאַרען זיך דיקע טראָפּענס שוויס, די אויגען ווערען באַצויגען מיט טרערענדיגע הייטלאַך. נענטער בויגט ער אַרונטער זיין קאָפּ צום בריוו, נאָר איצט זעט ער גאָר ניט! איצט רוישט ניט מער די שטאָט. זוניקע פעלדער שפּרייטען זיך. עס טוליען זיך בוימער איינע צו די אַנדערע. איצט הענגט דאָרט זיין טאַטע! וויגט דער ווינט דעם קערפּער הין און צוריק, זינגט דער ווינט פון די בערג אַראָפּ! שפּרייט זיך דער בלויער הימעל איבער דער גרינער ערד, יאָמערט זיין מאַמע מיט זיינע שוועסטער און ברידער — ווי היענעס. איז בלוי דעם טאַטענס פּנים פון אונטער דער שוואַרצער הויט! טויט! — די ווייסע האָבען די שטריק פאַרצויגען, געשלעפּט דעם טאַטען ווי אַ פּגר. טויט! אַזוי שטייט אין בריוו. יאָמערט דזשעקסאָנ'ס האַרץ, ווי דער יאָמער פון זיין מאַמען אונטער דעם הימעל פון קענטאַקי.

דזשעקסאָן האָט ניט וואו אַהינצוגיין. אַלע וועגען פירען אַהין, צו קענטאַקי. איצט וועט ער אין די „איסט" מער ניט זיין! ער מוז גיין צוריק אַהין. דזשעקסאָן פילט די מידקייט פון שווערע יאָרען. צוואַנציג מידע יאָר פּלאָנטערן זיך אין אים. וואָס פאַר אַ הינטיש לעבען! וואו איז גאָט? וואָרום שוויגט ער אין די מינוטען פון זיין נויט?\ וואָרום לאָזט ער פייניגען זיינע קינדער? — און וואָרום איז אַזוי גאַליק זייער לעבען ווי עס איז שוואַרץ זייער הויט?! וואָרום?... וואָרום?...

עס איז אָנגעקומען די נאַכט. דזשעקסאָן איז געווען מיד, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ קאַשטאַן־בוים, מיד אָנגעשפּאַרט די קאָפּ אָן די הענט. ער איז געזעסען, זיך געוויגט הין און צוריק און ניט געקענט אַרויסשרייען זיין ווייטיק! ער האָט זיך געלייגט מיט'ן פּנים צו דער ערד, צוגעדריקט זיין האַרץ, זיך געגראַבען מיט די פינגער אין זיין לייב; נאַכט ווינטען האָבען זיך צעשריען איבער'ן פעלד, און דזשעקסאָן — „ניגער דזשעקסאָן" — האָט געוואָיעט ווי דער ווינט, און די נאַכט האָט געהערט און געשוויגען.

דזשעקסאָן איז געבוירען געוואָרען מיט די שטויב פון רויכיגע קוימענס אין זיינע נאָז־לעכער. זייער הויז איז געווען האַרט ביים פאַבריק. ווייטער פון זייער הויז האָבען זיך געצויגען קרומע געסלאַך, וואו דער אומעט האָט געוואוינט. אַ שווער גרוילאַך לעבען איז עס געווען, שווער ביז פאַרצווייפלונג.

אין דערפרי האָבען די פאַבריקען גערופען. גערעוועט איבער די גרויע ביידלאַך. טאַטע, מאַמע, קינדער — אַלע אין פאַבריק. גאָר די קליינע קינדער וואַלגערען זיך הפקר ביי די הייזער, בלאָנדזשען אין די קרומע גאַסען. גאָר די אַלטע בלייבען אויך אין שטעטעל, זיצען אין דרויסען, רויכערען קאָרן־ליולקעס און דרימלען.

שבת פאַרנאַכט קלייבען זיך די מענשען צוזאַמען אין דרויסען. זונטאָג איז רו־טאָג. געלויבט איז „יעזוס" פאַר דעם הייליגען טאָג! די אַלטע ריידען מיט בייַנקשאַפט וועגען דעם אַמאָל. זיי זיינען אַמאָל געקומען פון אַ פרעמד ווייט לאַנד. דער אַלטער „זאַקאַל" שפּאַרט אונטער די מאָרדע אָן זיין האַנט און דערציילט. אַלע איבעריגע שווייגען. ווייל „זאַקאַל" ווייסט אַלץ! זיינע יאָרען זיינען אַזוי פיל אַז קיינער קען ניט ציילען. ער איז געווען פאַר אַלעמען, און ער וועט זיין ווען אַלעס וועט פאַרגיין.

זאַקאַל דערציילט וואונדערליכע זאַכען. די קינדער זיצען מיט אָפענע מיילער און׳ שלינגען די ווערטער. די עלטערע שאָקלען מיט די קעפּ. ביי די ווייבער בליצען די אויגען. אַמאָל איז געווען...

„אַמאָל זיינען מיר געווען אַ פריי גרויס פאָלק. בראַווע קינדער פון זולו לאַנד! די וועלדער האָבען פאַר אונז די וועגען אָפען געלאָזען. די פעלדער האָבען אונז מיט זייער גרינקייט גערופען! מיר זיינען געווען פלינקער ווי דער הירש! שטאַרקער ווי דער העלפאַנט! פריי ווי דער ווינט! זיינען מיר צו שטאָלץ געוואָרען. זיינען געקומען די ווייסע און ווי טויטע וואָראָנעס אַוועקגעשלעפּט מיט זיך אין פרעמדע לענדער. שקלאַפען פון אונז געמאַכט, געבראָכען אונזער שטאָלץ, געבויגען אונזערע קעפּ! אַך! ווען וועט אונז פאַרגעבען דער גרויסער גייסט?! — אומקערען צוריק אַהיים, פריי מאַכען אונז!" — און אַזוי דערציילט זאַקאַל, און אַלע קרעכצען און בייַנקען נאָך יענע טעג.

דזשעקסאָן איז געווען אַ שטאָלץ אינגעל. מיט די איבעריגע קינדער האָט ער קיין מאָל זיך ניט גשפּילט. ער האָט ליב געהאָט בלאָנדזשען ווייט פון שטעטעל. צווישען די בערג, קריכען אין די טיפע היילען, טראַכטען וועגען אָרגאַניזירען אַ רויבער־באַנדע, באַפאַלען די ווייסע, אַוועקנעמען אַלעס פאַר זיך! דערנאָך נעמען אַ שיף, אַוועקפאָרן אין די ווייטע לענדער, צו די וועלדער פון זון. ער וויל ניט, אַז די פאַבריק זאָל פאַרשלינגען זיינע טעג. ער וויל ניט בויגען דעם קאָפּ פאַר די „ווייסע שמוץ"!

און אַזוי פלעגט ער ריידען צו די קינדער, און זיי פלעגען לאַכען פון אים. — „ווייסט ער ניט אַז די ווייסע זיינען אַזוי שטאַרק ווי די פעלזען? ווייסט ער ניט אַז אויב זיי ווילען, וועלען זיי פאַרמאַכען די פאַבריקען, און זיי וועלען אַלע אויסשטאַרבען פון הונגער?! אַזוי האָבען זיי אַליין געהערט פון פּרעדיגער, אַזוי וויל גאָט! די ווייסע האָט גאָט אויסדערווילט צו זיין די „לאָרדס", פּונקט ווי זיי האָט ער אויסדערווילט צו אַרבייטען און לעבען אַן אָרים לעבען".

דזשעקסאָן האָט אַנדערש געטראַכט. נאָר אַ פּאָר פון די קינדער האָבען מיט אים שטילערהייט איינגעשטימט. צווישען זיי איז געווען די קליינע מיידעל פון דער צווייטער הויז, מעמי, מיט שוואַרצע ליכטיגע אויגען. און זיי ביידע פלעגען אַוועק וואַנדערען צו די היילען, זיצען דאָרטען, און ער פלעגט פאַר איר אַלע חלומות זיינע אויסזינגען.

און דזשעקסאָן געדענקט די פילע גרוילאַכע טעג. ווי אַלט ער איז דאַמאַלס געווען געדענקט ער ניט. נאָר וואָס איז דער אונטערשייד? — ער געדענקט דעם פאַרנאַכט. ער זעט דעם צוגליהטען הימעל. צוויי שוואַרצע פירען ענדריוס'ן צו דער הויפּט גאַס. די קינדער לויפען נאָך. צוויי ווייסע פּאָליציאַנטען גייען פון הינטען. דער פאָרמאַן פון פאַבריק, אַ דאַרער, מיט שטעכיגע אויגען, מיט לאַנגע אויערען שמייכעלט בייז. ענדריוס שוויגט, נאָר די אויגען טונקען זיך אין פּיין. מען לייגט אים אויף דער ערד, דעם פּנים אַרונטער. צוויי ניגערס האַלטען הענט און פיס, צוויי אַנדערע שטייען מיט באַמבו־שטעקענס. דער פאָרמאַן בייזערט זיך. „נו, שנעלער, שוואַרצע הינט!" — עס הויבען זיך און פאַלען די שטעקענס איבער ענדריוס יונגען לייב! „שטאַרקער, הינט! שטינקענדע ניגערס! שטאַרקער!" דער פאָרמאַן שמייכעלט. ענדריוס שרייט ניט. גיט ניט קיין קרעכץ. גראָבט איין דעם מויל אין דער ערד. דער קערפּער צאַפּעלט זיך פון פּיין. דאָס לייב איז צוריסען. רויטע בלוט אויף שוואַרצע לייב. דערנאָך לאָזען זיי אים אַליין אויפ'ן פעלד. ענדריוס רירט זיך ניט, דער קערפּער אַ פיבערדיג שטיק פליש. די שוואַרצע צולאָפען. די קינדער, דערשראָקענע, באַהאַלטען זיך אין די הייזער. שטילקייט. נאַכט. שטילקייט...

דזשעקסאָן ברענגט קאַלטע וואַסער, וואַשט ענדריו'ס לייב. ענדריוס עפענט די פיבערדיגע אויגען, שמייכעלט מיט די פאַרברענטע ליפּען, דריקט דזשעקסאָנ'ס האַנט. „גיי אַהיים" — זאָגט ער, — „איך וויל זיין אַליין!" דזשעקסאָן שפּאַנט אַ מידער, אַ צעווייטיגטער אַהיים, זיינע אייגענע ברידער! שוואַרצע ווערים, אַ קלאָג נאָך זיי! ער ווייסט ניט וואָס ענדריוס האָט געטאָן. זיי זאָגען ער האָט באַליידיגט אַ ווייסע פרוי — נו איז וואָס? —

וואָרום מעגען זיי באַליידיגען, שפּייען אויף זיי! וואָרום מעגען זיי?!...

דזשעקסאָן גייט ניט אַהיים. עס איז שוין צוועלף יאָר. באַלד וועט אים די פאַבריק פאַרשלינגען. און וואָס ווייטער? אומעט. אַך, ווי גיך זייערע ווערען אַלט! ער גייט צום פעלד וואו ענדריוס איז, אים ציט אַזוי, וויינענדיג דאָס האַרץ! ער שטייט באַהאַלטען אונטער אַ בוים. ענדריוס ליגט אַליין, פאַרגייט אין געוויין! כליפּעס, ווי די האַרץ וואָלט ביי אים געשטאַרבען... פּלאָנטערט זיך די נאַכט צווישען בערג, שטייען די בוימער פאַרגליווערטע. גייט דזשעקסאָן אַהיים, קען ער זיין צעווייטיגט האַרץ ניט שלעפען. בלייבט ער שטיין אין פעלד אַליין. שטייט אויף די קני. „גאָט, וואָרום? — וואו איז דיין ליכט? וואו איז דיין צאָרן?! נאָר דער הימעל איז שטום. גאָט הערט ניט צו דעם געבעט פון שוואַרצע. זיי זיינען פאַרשאָלטען אַפילו פון גאָט...

אין ווייטערע יאָרען. פאַבריק! איצט וויגט זיך דזשעקסאָן צו דעם געזאַנג פון די רעדער. ווערען זוניגע טעג פאַרשלונגען, ווערט מען געבאָרען, שטאַרבט מען. נאָר די פאַבריק רוישט, קלאַפּט. קומען שיפען, פאָרען אַוועק. נאָר ווייטער — אומענדלאַכע מאָנאָטאָנקייט! איצט איז ער שוין אויסגעוואַקסען, האָט ברייטע פּלייצעס. שוין דערגרייכט דעם זיבעצענטען יאָר. גאָט, וועט ער טאַקע אַזוי פאַרגיין?... וועט די מאָנאָטאָנקייט אים פאַרשלינגען? וועט דער אומעט אים קיינמאָל ניט פאַרלאָזען? אַ סך מאָל שפּאַצירט ער צו דעם פעלד וואו זיינע ברידער רוען. אומעטום קברים. צו וואָס געלעבט, צו וואָס געשטאָרבען? וואָס פאַר אַ זין האָט עס?...

ווייטער יאָרען אַוועק. איצט חלומ'ט דזשעקסאָן וועגען מאַכען אַ היים. מעמי האָט זיך צובליט ווי אַ קאַרשען בוים. איצט וועט זי ווערען זיין ווייב. און די קינדער וואָס זיי וועלען געבוירען, וועט ער לערנען ניט צו בייגען זייערע קעפּ פאַר די לאָרדען. די קינדער וועלען זיין שטאָלצע מענשען! ער וועט זיי שיקען לערנען, זיי וועלען ברענגען ליכט צו זיינע ברידער. פרייע מענשען, פּונקט ווי אַמאָל איז געווען זייער שטאַם. ווי „זאַקאַל" דערציילט.

וואָרום איז מעמי אַזוי אומעדיק?... עס מוז זיין די מיידעלשע בענקשאַפט אַ ווייב צו ווערען. — אַזוי האָט דזשעקסאָן געטראַכט. ווי אַנדערש האָט ער דאָס געקענט פאַרשטיין? גייען זיי ביידע פון קירך, אָנפאַנג יוני, לאַכט דער הימעל מיט פרייד, זינגען די בערג אין בלויקייט פאַרהוילען, שטאַרבען די לעצטע גלעקער־קלאַנג פון דער ווייטער שטאָט אויפ'ן באַרג, קנעכט און לאָרדען בעטען צו איין גאָט — און ווי קען דאָס זיין? נאָר טראַכטען קיין סך קען ער ניט. מעמי האַלט זיין אָרעם. ווי שלאַנק זי איז! לעצטענס ווערט איר קערפּער פולער. אין איר רופט די פרוי! בענקט דער קערפּער נאָך קינדער, איר לייב נאָך דעם מאַן! „גאָט", זאָל זייער פרייד אָנהאַלטען! זיינע לאַנגע אָרעמס קנייטשען זיך מיט פראַצע. אפשר וועט ער אַליין אַמאָל קענען אַ ווינקעל מאַכען אונטער'ן הימעל.

מעמי איז קראַנק, ליגט אין בעט אַ שטומע קוקט אין ווייטקייט. די מאַמע, אַ שווערע ניגערטע, קוקט פאַרדעכטיג אויף איר, שעלט איר לייב. אַ גאַנצען טאָג זיינען אַלע אין פאַבריק און זי איז אַליין. ליגט זי, כליפּעט אין דער שטיל. אַ לעבען צאַפּעלט זיך אין איר קערפּער, אַ פאַרשאָלטען לעבען. וואָלט זי ניט געווען געבוירען געוואָרען! וואָרום איז זי ניט דערשטיקט געוואָרען ביי דער מאַמען אין בויך! וואָס וועט איצטער זיין? וואָרום איז זי ניט אַריינגעשפּרונגען אין טייך און געענדיגט איר פינסטער לעבען?

אַ קינד פון אַ ווייסען לאָרד! אַ קינד וואָס ברענט מיט האָס אין איר לייב. שבת איז זי געבליבען לענגער אין פאַבריק. אַזוי האָט דער פאָרמאַן געהייסען. שפּעטער איז קיינער ניט געווען. די מאַשינעס שוין פאַרגליווערט אין שוויגען.

אין זיין קאַבינעט האָט ער איר גערופען. דערנאָך איר געהאַלטען אין זיינע שטאַרקע אָרעמס. — זי האָט זיך אַפילו ניט געווערט. געווען צושראָקען און צומישט פון ווייסען לייב נאָהענט פון איר קערפּער. איר הינטישע ניגער בלוט האָט געברענט ווי זודיק בליי! — דערנאָך באַגער, איר לייב איז געווען ווי אַ טרוקען פעלד, וואָס קען זיך ניט אָנטרינקען צו זאַט! איצט קוקט די מאַמע מיט קרומע אויגען. די מאַמע פאַרשטייט! וואָס

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באַוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.



עם פארגאנגענעם מאָנאַט האָט זיך אין דער אמעריקאנער טרייד־יוניאָן באַוועגונג געמערקט אַ שטימונג ווי בין הזמנים אין דער אלטער היים. אין די צווישען־צייטען צווישען די צוויי סעזאָנען, חל המועד פסח און חל המועד סוכות פלעגט זיך אין די שטעטלאך פון אידישען תהום פילען עפעס האַלב יום־טוב׳דיג, האַלב־צרה׳דיג. פון איין זייט איז עס געווען אַ צייט פון אָפּרו נאָך אַ האַלב יאָר ארבייט; אַ צייט פון האָפענונג פאר בעסערע צייטען; די צייט ווען בעל מלאכות פלעגען זיך פארדינגען צו אַ נייעם בעל הבית, חדר אינגלאך פלעגען בייטען די מלמדים. עס האָט געקענט מיינען פארבעסערונג אָדער פארערגערונג. די נשמה האָט געפלאָטערט צווישען האָפנונג און שרעק.

אין דער אַמעריקאנער ארבייטער באַוועגונג האָט זיך דורכ׳ן לעצטען מאָנאַט געפילט פונקט אַזאַ שטימונג. פרידען און קריג צווישען דער א. פ. אָוו ל. און דער סי. אַי. אָ. איז געהאנגען אויפ׳ן וואָגשאָל; געזעצען, גינסטיגע און שעדליכע פאר די ארבייטער זיינען אין פּראָצעס פון אָנגענומען אָדער דורכגעפירט ווערען; באַשעפטיגונג און ארבייטסלאָזיגקייט, פארבעסערונג אָדער פארערגערונג פון לעבענס־סטאנדארדס און באַדינגונגען פאר גרויסע מאסען ארבייטער אין וויכטיגע אינדוסטריען זיינען געשטאַנען אין קאָן אין געפעכטען וואָס זיינען אָנגעגאנגען ביי קאָנפערענצען, אין געריכט הייזער און אויף פיקעט ליינס. די שטימונג איז איבער דעם געווען אַן אָנגעשטרענגטע. געמיטער האָבען זיך געצאַפּעלט צווישען האָפנונג און שרעק.

קריג און פרידען אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג אויפ׳ן וואָגשאָל.

די קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר איז אָפּגעהאלטען געוואָרען אין יוסטאָן, טעקסעס, פון דעם דריטען ביז׳ן 14טען אָקטאָבער. די געשפּאַנטקייט מיט וועלכע די גאנצע וועלט, פריינד און פיינד, האָבען נאָכגעפאָלגט די פארהאנדלונגען ביי דער קאָנווענשאָן, האָבען זיך פאָלשטענדיג באַרעכטיגט, כאָטש קיין קלאָרען באַשלוס איבער קריג אָדער פרידען איז דאָרט ניט אָנגענומען געוואָרען, אָדער בעסער געזאָגט: עס זיינען אָנגענומען געוואָרען באַשלוסען אי פאר קריג אי פאר פרידען...

ערעפענט די קאָנווענשאָן האָט פרעזידענט גרין מיט אַ קריגס־ערקלערונג ניט נאָר געגען דער סי. אַי. אָ. און לואיס׳ן, נאָר אויך געגען דעם לייבאָר ריליישאָנס עקט און זיינע פארוואַלטער און אַלע די וואָס שטיצען אָדער זיינען פריינדליך צו דער סי. אַי. אָ. אין לויף פון דער קאָנווענשאָן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז די פירער פון דער פעדערײשאָן זיינען גאָר ניט איניג אין דער פראגע פון אָנפירען דעם קריג אין דער ארבייטער באַוועגונג ביז צום ביטערען סוף, ווי מאַנכע האָבען געזוכט צו שאפען דעם איינדרוק.

די ערשטע פרידענס נאָטע איז ביי דער קאָנווענשאָן געהערט געוואָרען ווען עס איז פאָרגעלייענט געוואָרען פרעזידענט רוזוועלט׳ס באַגריסונגס־בריף צו דער קאָנווענשאָן. אין דעם בריוו האָט דער פרעזידענט געשריבען: „איבער דעם וואָס העכער אַ פערטעל יאָרהונדערט האָב איך געהאַט פארבינדונגען און פריינדשאַפט מיט די בעאַמטע פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און פון די אינטערנעשאָנאַל יוניאָנס, וועלכע זי פאָרטרעט, נעם איך זיך דאָס רעכט אויסצודריקען די האָפנונג, אַז די קאָנווענשאָן וועט אָפען לאָזען יעדע מעגליכע טיר פאר פרידען און פאָרשריט אין די אָנגעלעגענהייטען פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער אין די פאראייניגטע שטאַטען. ווען פירער פון אָרגאַניזירטע ארבייטער קענען מאַכען און אָנהאלטען פרידען צווישען פארשידענע מיינונגען און פראַקטיקען אין די ארבייטער קרייזען, וועט עס זייער פיל פאָרגרעסערען דעם פרעסטיזש פון די ארבייטער אין לאַנד און פארמיידען די רעאַקציע וועלכע מוז, אָן דעם, שעדיגען די ארבייטער אַליין״.

אין אָנהויב האָבען די הויפט פירער פון דער פעדערײשאָן זיך פארהאַלטען זייער קאָלט צו די פרידענס־פארלאַנגען. באַלד אָבער האָבען זיך אָנגעהויבען הערען פיל שאַרפערע פאָדערונגען פאר פרידען אינערהאַלב דער פעדערײשאָן. דעניעל דזש. טאָבין, פרעזידענט פון דער מעכטיגסטער אינטערנעשאָנאַל יוניאָן אין דער פעדערײשאָן. די טימסטערס אינטערנעשאָנאַל, האָט די פראַגע פאָרגעבראַכט דירעקט פאר דער קאָנווענשאָן. אין צוויי ליידענשאַפטליכע רעדעס האָט ער געפאָדערט אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַפעלען דעם עקזעקוטיוו קאָונסיל אָנצוהויבען נייע פארהאנדלונגען מיט דער סי. אַי. אָ פאר פרידען. ער איז אפילו געגאַנגען אַזוי ווייט ווי צו געבען אָנצוהערעניש, אַז אויב די פירער פון דער פעדערײשאָן וועלען פאַרבלייבען איינגעשפּאַרט אויף אָנהאַלטען דעם ברודער־קריג ביז צום ביטערען סוף, וועט די טימסטער יוניאָן מעגליך זיך צוריקציען פון דער פעדערײשאָן. אין דער קאָנווענשאָן איז טאָבינ׳ען ניט געלונגען דורכצופירען דעם באַשלוס. זיין שטעלונג האָט אָבער אויפגערודערט די ארבייטער איבער׳ן גאנצען לאַנד און ער האָט אַריינגעקראָגען טויזענטער טעלעגראַמעס פון יוניאָנס פון ביידע לאַגערען און פון צענטראַלע ארבייטער קערפּערשאַפטען, וועלכע האָבען געשטיצט זיין פארלאַנג. אַפילס און פלענער פאר שלום זיינען אויך פאָרגעלייגט געוואָרען ביי דער קאָנווענשאָן אין די רעדעס פון סעקרעטערי אָוו לייבאָר, פרענסיס פּוירקינס, אַדמיניסטראַטאָר פון שטונדען, שכירות געזעץ עלמער פ. ענדריוס און פרעזידענט זאָריצקי, פון דער העטערס, קעפּ און מילינערי אינטערנעשאָנאַל יוניאָן. די שטעלונג פון די טימסטערס, די שטיצע וואָס עס האָט געקראָגען פון די ארבייטער־מאסען און די אַפילס האָבען אָן ספק געווירקט, אַז די פעדערײשאָן פירער זאָלען צום סוף פון דער קאָנווענשאָן ווערען פיל מילדער ווי אין אָנהויב. אין זיין שלום־רעדע האָט פרעזידענט גרין פארשפּראָכען אַז ער וועט טאָן אַלץ וואָס מעגליך צו ברייגען פרידען אין דער ארבייטער באַוועגונג און פארענדיגט מיט דעם רוף צו די „אַלע וואָס האָבען אונז פארלאָזען, צו קומען צוריק אַהיים״.

און אַזוי איז עס געווען דורכאויס אויף דער קאָנווענשאָן — בין הזמנים׳דיג. אָט רעדט מען פאר פרידען און אָט האַנדעלט מען אויסצוברייטערען דעם קריג. די דעלעגאַטען פון דער דרוקער יוניאָן האָט מען אין אָנהויב ניט געוואָלט צולאָזען צו דער קאָנווענשאָן אויפ׳ן גרונט, וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט ניט געצאָלט דעם ספּעציעלען טעקס צו באַקעמפען די סי. אַי. אָ. שפּעטער האָט מען זיי יאָ צוגעלאָזען נאָכדעם ווי זיי האָבען פארשפּראָכען דורכצופירען אַ צווייטען רעפערענדום איבער דער פראַגע צווישען זייערע מיטגלידער, וועלכע האָבען עס שוין איין מאָל פארוואָרפען. דעם קענעדער טרייד און לייבאָר קאָנגרעס האָט גרין געסטראַשעט, אַז אויב די קערפּערשאַפט וועט ניט אויסשליסען די סי. אַי. אָ. יוניאָנס, וועלען די פעדערײשאָן יוניאָנס זיך צוריקציען פון קאָנגרעס. רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען שאַרף קריטיקירענדיג די נעשאָנאַל לייבאָר ריליישאָנס באָארד, באַלד נאָכדעם ווי סעקרעטאָר מאָריסאָן האָט באַריכטעט אַז די פעדערײשאָן האָט צוגעקראָגען איבער דריי פערטעל מיליאָן מיטגלידער דאָס יאָר, וואָס איז צום גרעסטען טייל זיכער מעגליך געוואָרען דורך דעם אקט וואָס זיי האָבען אַזוי שאַרף קריטיקירט. די פארזוכען פון מעטיו וואָל און דזשאָן פרעי אָבער איינצושפּאַנען די אָמ. פעד. אָוו לעיבאָר אין וואָגען פון די רעאַקציאָנערע רעפּובליקאַנער דורך אַ פארניכטענדער קריטיק פון די אַלע רעפאָרמען וואָס דער ניו דיעל האָט דורכגעפירט, איז צוריקגעשליידערט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן.

די סי. אַי. אָ. קאָנווענשאָן דעם קומענדען מאָנאַט

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם צווייטען צד אין קריג, די סי. אַי. אָ., וועט אַן אָפיציעלע שטעלונג ערשט גענומען ווערען ביי דער קאָנווענשאָן, וואָס דאַרף זיך צונויפקומען אין פּיטסבורג דעם 14טען נאָוועמבער. דערווייל איז דער אָפּרוף פון פארשידענע פירער און אָרגאַניזאַציעס אויף דעם פרידענס רוף זייער גינסטיג. פרעזידענט דובינסקי׳ס שטעלונג פאר פרידען איז גוט באַוואוסט; פרעזידענט הילמאַן האָט ערקלערט, אַז די סי. אַי. אָ. וועט צופרידען זיין אָנצונעמען וועלכע עס איז אויפפאָדערונג פון פרעזידענט רוזוועלט אויסצוגלייכען די צווייסטיגקייטען מיט דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. העיוואָוד ברון, פרעזידענט פון דער ניוס־פּעיפּער גילד האָט אין אַן אונטעררעדונג מיט פרעזידענט רוזוועלט געבעטען אַז דער פרעזידענט זאָל באַשטימען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אונטערזוכען די פאַקטען וועגען די צווייסטיגקייטען און דאָס וועט העלפען ברייגען פרידען. אַ פארלאַנג אַז פרעזידענט רוזוועלט זאָל זוכען צו ברייגען פרידען אין דער ארבייטער באַוועגונג איז אויך געשיקט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן פון די סי. אַי. אָ. יוניאָנס אין ניו דזשוירזי סטייט. אין אַלגעמיין ווייזט עס אויס, אַז דער פארלאַנג צו שאַפען פרידען איז גאַנץ שטאַרק אין די סי. אַי. אָ. יוניאָנס און מען מעג ערוואַרטען אַז ביי דער קאָנווענשאָן זאָלען אָנגענומען ווערען באַשטימטע מיטלען צו באַנייען די פאַרהאַנדלונגען וואָס זיינען לעצטעס יאָר אָפּגעבראָכען געוואָרען.

וועט זיין אַ סטרייק אויף די אייזענבאַנען?

דער סכסוך צווישען די אייזענבאַן ארבייטער יוניאָנס מיט די קאָמפּאַניס איבער דעם פארזוך פון די בעלי בתים צו שניידען די שכירות פון די ארבייטער מיט 15 פּראָצענט, איז שוין דורכגעגאנגען אַלע פאַזען וואָס דער געזעץ שרייבט פאָר, אַז מען מוז דורכגיין איידער די ארבייטער קענען אַרויס אין סטרייק אָדער די קאָמפּאַניס מעגען פארערגערען די באַדינגונגען. די פארהאַנדלונגען צווישען די יוניאָנס און די קאָמפּאַניס האָבען ניט געפירט צו קיין פארשטענדיגונג; די רעגירונגס־פארמיטלער האָבען ניט געבראַכט צו קיין אויסגלייך. די קאָמפּאַניס זיינען געבליבען פאר׳עקשנ׳ט צו שניידען שכירות און די ארבייטער האָבען געשטימט צו סטרייקען געגען דעם לויך־שניט. דעם מאָנאַט האָט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס פרעזידענט רוזוועלט האָט באַשטימט אויסצופאָרשען די פאַקטען און אַריינברענגען רעקאָמענדאַציעס, דורכגעפירט די פארהערען און וועט צושטעלען דעם באַריכט צו פרעזידענט רוזוועלט דעם 27טען אָקטאָבער, ווי דער געזעץ פאָדערט. לויט׳ן געזעץ קען קיינער פון די צדדים גאָר ניט טאָן פאר דרייסיג טעג נאָכדעם ווי דער באַריכט ווערט צוגעשטעלט. נאָכדעם זיינען ביידע צדדים פריי צו האַנדלען. די בעלי בתים מעגען שניידען שכירות און די ארבייטער מעגען סטרייקען.

וועט עס טאַקע קומען צו אַן אַלגעמיינעם סטרייק אויף די אייזענבאַנען, וועלכער וועט פאַראַליזירען דאָס גאַנצע לאַנד?

עס איז שווער צו געבען אַן ענטפער אויף דער פראגע. לויט דער האַלטונג פון די פארטרעטער פון די קאָמפּאַניס און פון די יוניאָנס ביי די פארהערען, ווייזט עס אויס אַז אַ סטרייק וועט מוזען קומען. עס לאָזט זיך אָבער ניט גלויבען, אַז די רעגירונג זאָל אין דעם מאָמענט, ווען די גאַנצע אינדוסטריע ווייזט סמנים פון אויפלעבונג, דערלאָזען אַ סטרייק אויף די באַנען. גיכער וועט זי אָנווענדען אַ דרוק אויף ביידע צדדים און וועט עס ווי עס איז אויסגלייכען. די רעגירונג האָט דורך דער אינטערסטייט קאָמישאָן און דורך דער פינאַנציעלער הילף, אין וועלכער די אייזענבאַנען נויטיגען זיך, אַ גאַנץ שטאַרקע בייטש געגען די קאָמפּאַניס און עס שיינט אַז זי וועט זיך דערמיט באַנוצען.

וואָס אָבער עס זאָל ניט זיין דער רעזולטאַט, דער פארהער אַליין וואָס די קאָמיסיע האָט דורכגעפירט, איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. עס האָט אויפגעהויבען אַביסעל דעם פאַרהאַנג איבער די פינאַנציעלע מאַכינאַציעס פון די אייזענבאַן קאָמפּאַניס; עס האָט אויפגעדעקט די אַלע איבלען פון אַ ניט־געפּלאַנטער עקאָנאָמיק געבויט אויף פרייער קאָנקורענץ און פּראָפיטען.

אויף די טענות פון די קאָמפּאַניס, אַז די אייזענבאַנען צאָלען ניט קיין פּראָצענטען און פּראָפיטען אויף די אינוועסטירטע געלט און זיי מוזען דעריבער שניידען ווידזשעס, האָט דער פארטרעטער פון די יוניאָנס אָנגעוויזען, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס די קאָמפּאַניס האָבען אַזוי פארוואַסערט דעם סטאָק, אַז זיי דאַרפען איצט צאָלען פּראָפיטען אויף געלט וואָס איז קיין מאָל ניט אַריינגעלייגט געוואָרען אין די אייזענבאַנען. ער האָט אָנגעוויזען אַז די קאָמפּאַניס האָבען אין די גוטע יאָרען געצאָלט ריזיגע פּראָפיטען און באָנוסעס אַנשטאָט אַריינצולייגען די געלט אין פארבעסערונגען און אָנקלייבען רעזערוועס פאר שלעכטע צייטען; אַז זיי האָבען אין שלעכטע יאָרען געצאָלט דיווידענטען דורך געליענע געלט; האָבען קיין מאָל ניט אָנגעלייגט קיין געלט אָפּצוצאָלען חובות ווען עס וועט ווערען פעליג; יעדעס מאָל ווען עס זיינען געווען פּראָפיטען מער ווי מען האָט געוואָלט פארטיילען, האָט מען אַרויסגעגעבען סטאָקס אויף דער סומע און נאָכדעם האָט מען געדאַרפט צאָלען דיווידענטען אויף דעם סטאָק. אין די אַלע און ענליכע מאַניפּולאַציעס זיינען די ארבייטער ניט שולדיג. זיי האָבען פון דעם אַלעמען גאָר ניט גענאָסען. פאַרקערט, זיי האָבען דערפאַר באַצאָלט מיט

טי פון שוועדען האט פארצייכענט אין די וואלען פון דעם פארגאנגענעם מאנאט. און וועגען אן ענליכען נצחון פון דער ארבייטער פארטיי אין בעלגיע. אויך אין די צוויי לענדער האבען די פאלקס־מאסען פארצייכענט זייער וואקסענדע לאיאליטעט צו דער ארבייטער פארטיי, נאכדעם ווי זיי האבען עטליכע יאהר נאכאנאנד נאכגעפאלגט איהר ארבייט אין דער רעגירונג.

די בעלגישע וואהלען האבען זיך אויסגעצייכענט נאך מיט דעם, וואס זיי האבען אינגאנצען אפגעווישט דעם פריהערדיגען איינפלוס פון די „רעקסיסטען“, אדער נאצי־פאשיסטען.

אין שוועדען האבען די סאציאל דעמאקראטען אין די פראווינץ וואהלען געצויגען 1,338,120 שטימען, וואס דאס איז מער ווי א העלפט (50.6 פראצענט) פון אלע אפגעגעבענע שטימען. זיי האבען אויך ערוויילט 636 פראווינציעלע ראטמענער אין א סך־הכל פון עטוואס מעהר ווי עלף הונדערט (1148). צוזאמען מיט די צוויי אנדערע ארבייטער פארטייען, די קאמוניסטען־סטאליניסטען און אנטי־סטאלין קאמוניסטען וואס זיינען באקאנט אלס „לינקע סאציאליסטען“, האבען די לוין־ארבייטער איצט ערוויילט 56 פראצענט פון אלע פראווינץ ראטמענער און געצויגען א וואוט פון 56 פראצענט. עס איז אגב ווערט צו פארצייכענען, דאס פון יעדע 11 ארבייטער שטימען, האבען די פארטרעטער פון דער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער רעגירונג געקראגען צען און די אפאזיציע — נאר איינעם.

איינצייטיג מיט די פראווינץ וואלען זיינען פארגעקומען קאמונאלע וואהלען אין דער הויפט־שטאט, שטאקהאלם. אויך דא האבען די סאציאליסטען געוואונען שטימען און מאנדאטען און די קאנסערוואטיווע קאפיטאליסטישע פארטייען — פארלארען. די ארבייטער וועלען זיין פארטראטען אין דעם נייעם שטאט־ראט דורך 55 סאציאלדעמאקראטען, דריי קאמוניסטען און צוויי לינקע סאציאליסטען. אלע אנדערע פארטייען צוזאמענגענומען וועלען האבען נאר 40 שטאט ראטמענער.

## א גרוס פון ענגלאנד און פראנקרייך.

די קאנסערוואטיווע פרעסע פון ענגלאנד און זייערע פארטרעטער אין די אמעריקאנער צייטונגען האבען לעצטענס ניט איינמאל באטאנט, אז די לייבאר פארטיי פון גרעיט בריטעין פארלירט נאכפאלגער צוליב דעם, וואס מיט איהר קאמף פאר אן ענטגילטיגער אנטי־פאשיסטישער פאליטיק פון דער טשעמבערלעין רעגירונג, שטויסט זי ענגלאנד צו מלחמה. וויפיל אמת עס איז דא אין דער באהויפטונג קען מען זעהן פון דעם אינטערעסאנטען באריכט וואס די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון דער פארטיי האט ערשט פארעפענטליכט. פון איהם איז צו זעהן, אז די מעמבערשיפ איז, פארקערט, שטארק אויסגעוואקסען. די צאל יוניאן מיטגלידער האט זיך אין דער פארטיי פארגרעסערט אויף 68 טויזענט אין 9 מאנאטען און די צאל פון „אינדיווידועלע מיטגלידער“ — אויף 16,456. צוזאמען מיט דעם צוואוקס פון 13 הונדערט מיטגלידער פון דער קאאפעראטיווער באוועגונג, האט די פארטיי אין די 9 מאנאטען פארגרעסערט איר דיוס־צאלענדע מיטגלידערשאפט אויף גאנצע 86 טויזענד.

און ווען איך רייד שוין וועגען ענגלאנד, זאל מיר ערלויבט ווערען צו דערמאנען דאס די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון דער לייבאר פארטיי האט געזאמעלט פאר דעם רעליף פאנד פון די שפאנישע ארבייטער א סומע וואס איבערשטייגט שוין 260 טויזענט דאלער. דאס איז א חוץ די איבער 100 טויזענד דאלער וואס דער „מילך פאר שפאניע“ פאנד פון דער פארטיי האט געזאמעלט און א חוץ דעם באזונדערען פאנד פאר די יתומים פון די אסטוריער מאינערס אין שפאניע, וואס די מאינערס יוניאן האט געזאמעלט. דער פאנד האלט שוין ביי דער סומע פון 400 טויזענד דאלער.

זונטאג, דעם 23טען אקטאבער, זיינען אין פראנקרייך, אין 97 דיסטריקטען, פארגעקומען וואהלען פאר׳ן סענאט, וואס שפילט אין פראנצויזישען פאליטישען לעבען אזא וויכטיגע ראלע. די וואלען האבען געזאלט צייגען אויב דאלאדיע, דער „רעטער פון וועלט פריהעדן“, איז נאך אלץ דער העלד פון טאג. דער רעזולטאט איז א דערפרעהענדער. דאלאדיע׳ס פארטיי איז געווען די איינציגע וואס האט אין די וואהלען פארלוירען. אנשטאט 47 סענאטארען, האט דאלאדיע׳ס פארטיי ערוויילט נאר 41. א צווייטע, א ליבעראלע, פארטיי האט געוואונען טיילווייז פון דאלאדיע׳ס פארטיי און טיילווייז פון אנדערע גרופעס, וואס האבען געשטיצט זיין קאפיטולירונגס פאליטיק. אבער דעם שטארקסטע קלאפ האט דאלאדיע׳ס גרופע אין סענאט געקראגען פון די סאציאליסטען, ווען דער סאציאליסטישער פירער, מאקס דארמוא, אן אנהענגער פון אן אגרעסיווער אנטי־היטלער פאליטיק און אויסגעשפראכענער געגנער פון דאלאדיע׳ס נייעם, רעכטען קורס, האט געשלאגען דעם סענאט פירער, רענעי. אין דעם נייעם סענאט וועלען די ארבייטער האבען 16 פארטרעטער — 15 סאציאליסטען און איין קאמוניסט.

### אפקלאנגען פון פארלארענעם שלאכט.

### היטלער איבער אלעס!

טשעמבערלעין׳ס פרא־פאשיסטישע מאכינאציעס, דאלאדיע׳ס קורצזיכטיגער פארראט פון טשעכאסלאוואקיע — און פראנקרייך — צוזאמען מיט היטלער׳ס סענסאציאנעלען טריאומף, האבען אונז געהאלטען אין אזא קלעם, דאס מיר האבען אינגאנצען פארזעהן דעם דראמאטישען קאמף, וואס די ארגאניזירטע ארבייטער פון די פרייע אייראפייאישע לענדער און זייערע סאציאליסטישע און טרעיד־יוניאן אינטערנאציאנאלען האבען געפירט אין די פינסטערע סעפטעמבער־אקטאבער טעג געגען דעם היטלער דיקטירטען „פרידען“, וואס טשעמבערלעין און דאלאדיע האט אונטערגעטראגען דער וועלט.

פאר מיר ליגען דריי געדיכט אפגעדרוקטע העפטען מיט אפיציעלע דאקומענטען, וואס דער סאציאליסטישער און ארבייטער אינטערנאציאנאל האט פארעפענטליכט דעם 5טען, 7טען און 11טען אקטאבער. פאר מיר ליגט אויך א רייכע קאלעקציע פון מאניפעסטען, דעקלאראציעס און רעזאלוציעס, וואס איינצעלנע ארבייטער פארטייען און צענטראלע יוניאן־קערפערשאפטען האבען פארעפענטליכט אין אלע עקען וועלט — יעדע אין איר שפראך און אין אנקלאנג מיט די אומשטענדען אונטער וועלכע זי און איר לאנד געפינען זיך.

באזונדערס טעטיג איז אין די דאזיגע טראגישע טעג געווען דער ענגלישער צווייג פון דעם ארבייטער אינטערנאציאנאל, אויף וועלכען די געשיכטע האט ארויפגעלייגט די גרעסטע פאראנטווארטליכקייט צוליב דער ראלע וואס איהר לאנד שפילט אין דעם מלוכה קאנצערט פון אייראפע.

א ביישפיל פון דער דאזיגער פיבערהאפטער טעטיגקייט פון דער בריטישער לעיבאר פארטיי קען מען זעהן פון דעם פאלגענדיגען אויסצוג:

„אינם טאג, ווען טשעמבערלעין האט זיך צוריקגעקערט פון גאדעסבערג האט די לעיבאר פארטיי, צוזאמען מיט די טרעיד־יוניאנס, פארשפרייט פינף מיליאן פלוג־בלעטער, וואס האבען גערופען ענגלאנד צוזאמען מיט פראנקרייך און סאוועטענפארבאנד צו שטיין אויף דער זייט פון טשעכאסלאוואקיע און שטעלען א פעסטען ווידערשטאנד היטלער׳ס אגרעסיע“.

„דער ווהאיטהאל, פון טראפאלגאר סקווער מיט דעם קאלאסאלען מאנומענט פון לארד נעלסאן אין דערמיט, ביים פארלאמענט, איז פול געווען מיט טויזנטער מענער און פרויען, פון אלע שיכטען פון דער באפעלקערונג...

הונדערטער יונגע מענשען, ארבייטער, סטודענטען, מיידלאך, מארשירען... צום פארלאמענט מיט „סענדווידזש־באארדס“ אויף זייערע אקסלען. די לאזונגען זיינען: „שטיי ביי טשעכאסלאוואקיען“; „העלף די טשעכען און שפאניע!“; „שטעל איצט אפ היטלער׳ס אגרעסיע!“; „די דעמאקראטיעס זיינען שטארקער ווי דער פאשיזם!“, און צענדליגע אנדערע...

היינט די מערקווירדיגע איינהייט וואס האט געהערשט צווישען די ארבייטער פארטייען פון אלע לענדער אין דער וועלט און אלע ריכטונגען אין די טעג צווישען היטלער׳ס ניורענבערג׳ס רעדע און טשעמבערלעין־דאלאדיע׳ס קאפיטולאציע אין מינכען!

אויב דער ערשטער שאס אין דער מלחמה פון 1914 האט געדינט ווי א סיגנאל פאר א ריס אין די ביז דאן איינהייטליכע רייהען פון דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער באוועגונג, האט די איצטיגע געפאר פון א נייער וועלט מלחמה ווי פאראייניגט די, אין דעם מאמענט, צוריסענע ארבייטער באוועגונג.

מיט דעם גייסט זיינען דורכגעדרונגען די ערקלערונגען און באשלוסען, וואס די פארטרעטער פון די ארבייטער אינטערנאציאנאלען, דעם סאציאליסטישען און דעם טרעיד־יוניאניסטישען, האבען פארעפענטליכט נאך די ספעציעלע קאנפערענצען פון 20טען און 21טען סעפטעמבער, אין וועלכען עס זיינען געווען באזונדערס טעטיג די פארשטעהער פון די פארטייען און יוניאנס פון פראנקרייך און ענגלאנד. דאס איז אויך דער לייט מאטיוו פון כמעט אלע אנדערע אינטערנאציאנאלע באראטונגען, וואס זיינען געפירט געווארען אין יענע טראגישע טעג, אריינגערעכענט די ספעציעלע אייראפייאישע קאנפערענץ פון סאציאליסטישען יוגענט אינטערנאציאנאל, צו וועלכער עס זיינען געקומען צו פליהען פארטרעטער פון 11 לענדער.

מיט דעם געדאנק פון אן איינהייטליכען ארבייטער פראנט געגען די נאצי אנגרייפער, איז אויך געווען דורכגעדרונגען דער מאניפעסט, וואס די דייטשע 110 סאציאל־דעמאקראטען האבען פארעפענטליכט דעם 14טען סעפטעמבער. ווען דאס איז געווען דער לייטמאטיוו פון די רעזאלוציעס און ערקלערונגען, וואס די פירער פון די סאציאליסטישע פריהייטס־קעמפער אין עסטרייך און איטאליע האבען געמאכט.

און אויך אין די אנטי־פאשיסטישע לענדער זיינען די ארבייטער און סאציאליסטישע פארטייען, אלע אהן אן אויסנאם, געשטאנען פאר אן אקטיווען ווידערשטאנד צו נאצי־דייטשלאנד און פאר א הארמאנישער צוזאמענארבייט פון די פיר וויכטיגסטע אנטי־פאשיסטישע לענדער: ענגלאנד, פראנקרייך און סאוועטען־פארבאנד. אפילו די דייטשע סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי פון סודעטענלאנד איז אין דער הינזיכט ניט געווען קיין אויסנאם.

קיין אויסנאם זיינען אויך ניט געווען די רוסישע סאציאליסטען, די רוסישע סאציאל־דעמאקראטען־מענשעוויקעס, וועלכע האבען אין א ספעציעלען מאניפעסט צו אלע מיטגלידער פון דער פארטיי, גערופען זיי צו שטיצען די סאוועטען רעגירונג אין פאל זי וועט אריינגעצויגען ווערען אין דער מלחמה מיט נאצי־דייטשלאנד און זי זאל פארטיידיגען איהרע אינטערעסען און די אינטערעסען פון גאנצען אנטי־פאשיסטישען בלאק ביז א פאלקאמען זיג איבער די נאצים.

דער דאזיגער מאניפעסט איז דאטירט דעם 21טען סעפטעמבער און איז ארויסגעגעבען געווארען עטליכע שטונדען איידער עס האט זיך געענדיגט דער לעצטער אולטימאטום היטלער׳ס, ווען עס האט זיך געדוכט אז א מלחמה איז אבסאלוט אומפארמיידליך...

דער דאזיגער שריט פון די רוסישע מענשעוויסטישע פירער אין גלות, ווען גענומען צוזאמען מיט די וואס די אויספירליכע דעקלאראציעס און אפילס פון פארטיי־פרעזידענט, פיאדאר דאן, צייגען אן איבעריגען מאל דאס סאציאליסטען קענען זיין ביטערע געגנער פון דער סטאלין דיקטאטור, קענען זיין שארפע קריטיקער פון דאס וואס זיי באטראכטען פאר א קאריקאטור אויף דעם סאציאליזם, וואס ווערט ארויפגעצוואונגען אויף די רוסישע מאסען, און דאך פארבלייבען לאיאלע און איבערגעגעבענע פארטיידיגער פון דער רוסישער רעוואלוציע און פון דעם סאוועטען לאנד, וואס איז פון איהר ארויסגעוואקסען...

---

## דאנק רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון קראוס שאפ, 142 וועסט 26טע גאס, ביי א מיטינג, אין דער אנוועזענהייט פון אונזער ביזנעס אגענט, ברודער קרעמער, באשליסען אויסצודריקען פולע אנערקענונג אונזער טשערמאן און דער קאמיטע פאר זייער גוטער ארבייט פאר די אינטערעסען פון אלע ארבייטער אין שאפ.

קאמיטע: הענרי סענדערס, טשערמאן.
הענרי גאלדשטיין, דזשא קיסלאווסקי.

---

## טרויער רעזאלוציע

ביי א שאפ מיטינג פון פינקעלשטיין און קעירנס, האט ברודער גאלדשטיין, ביזנעס איידזשענט, מעמבער פון לאקאל 117, געעפענט דעם מיטינג, מיט דער ערקלערונג, אז דער טשערמאן ברודער הערי קאץ, איז נישט אנוועזענד, און וועט מער נישט זיין, ווייל ער איז געפאלען אויפן מיטען וועג, ווילענדיג אלס טשערמאן זיין פליכט דערפילען. די ווערטער האבען ביי די אנוועזענדע געעפענט די קוים פערטריקענטע וואונד. אין א טויטע שטילקייט האבען זיך אלע אויפגעשטעלט, מיט געבויגענע קעפ, אים די לעצטע אנערקענונג און עהרע אפצוגעבען, פאר זיין דינסט, וואס ער האט די ארבייטער געוואלט געבען.

די פערזאמעלטע דריקען אויס זייער טיפען מיטגעפיל צו זיין פרוי און קינדער. און ווינשען, אז די צייט זאל זייער וואונד היילען. עהרע זיין אנדענק.

רעזאלוציאנס קאמיטע

טשערנאווסקי און ניקעלסבורג

נייעם אגרימענט געהעכערט געווארען צו 1.50 דאלאר א שטונדע.

גאווערנאר קרעשעל פון איאווא, האלט אן זיין סטרייק ברעכער רעפוטאציע וואס ער האט זיך ערווארבען מיט דעם פאגראם וואס זיין מיליץ האט געמאכט אויף די סטרייקער פון דער מייטאג לאונדי מאשינערי קאמפאני. ער האט דעם מאנאט אריינגעשיקט מיליץ אין סיו סיטי, וואו די ארבייטער פון סוויפט און קאמפאני פעקינג פלענט זיינען אין סטרייק מיט א באפעל צו עפענען די פאבריק פאר סטרייק ברעכער. די פלייש ארבייטער פון צוויי אנדערע קאמפאניס אין שטאט, פון די קודהיי און ארמאר פלענטס האבען ערקלערט אן איין טאגיגען סימפאטי סטרייק געגען די פארזוכען צו ברעכען דעם סטרייק מיט דער הילף פון כוליגאנעם.

א רעגולערע שלאכט איז פארגעקומען אין ברוקלין, נעבען דער פאבריק פון דער „אעראוואוקס קארפארייישאן", וואו עס ווערען געמאכט קאנדענסערס פאר ראדיא. די ארבייטער ארום אכט הונדערט אין צאל זיינען דארט אין סטרייק פאר די לעצטע צוויי מאנאטען. די פירמע האט געמאכט א פארזוך אריינצופירען פערציג סטרייק ברעכער אונטער פאליציי שוץ וואס עס האט פאראורזאכט דעם געשלעג. א פאר צענדליג זיינען לייכט פארוואונדעט געווארען און צוואנציג סטרייקער זיינען ארעסטירט.

### געפערליכע פרעצעדענטען אין געריכט ענטשיידונגען געגען ארבייטער

צוויי געריכטס ענטשיידונגען, איינע אין ניו יארק און א צווייטע אין פילאדעלפיע, שאפען געפערליכע פרעצעדענטען וועלכע קענען ווערען אן אמת'ע געפאר פאר יוניאנס און ארבייטער אויב זיי זאלען ניט אומגעווארפען ווערען אין די העכערע געריכטען.

אין קאמאן פליעס קאורט אין פילאדעלפיע האט א דזשורי צוגע'פסק'נט 5,000 דאלאר שאדען ערזאץ צו דער מעקינלי פרייס לעדער קאמפאני פאר א זיצסטרייק וואס די ארבייטער האבען דארט אנגעפירט לעצטעס יאהר. דער סטרייק איז געבראכען געווארען דורך אן אינדזשאנקשאן און די קאמפאני האט אנגעקלאגט די סטרייקער פאר שאדען וואס זיי זאלען האבען געליטען דורך דעם סטרייק. די געפאר פון דער ענטשיידונג איז נאך גרעסער דערמיט וואס דער דזשאדזשמענט איז ארויסגעגעבען געווארען ניט געגען דער יוניאן וואס האט דעם סטרייק געפירט נאר געגען יעדען איינעם פון די געוועזענע סטרייקער וואס האבען זיך אין דעם באטייליגט. ווען דער אורטייל זאל בלייבען, וועלען באסעס קענען רואינירען יעדען ארבייטער וואס וועט זיך באטייליגען אין א סטרייק. דער אורטייל איז נאך געפערליכער ווי דער טרויעריג בארימטער דענבורי העטערס קעיס, ווייל דארט איז דער אורטייל געווען געגען דער יוניאן און די ארבייטער זיינען בלויז באטראכט געווארען ווי שער־האלדערס. דא איז דער אורטייל דירעקט געגען די סטרייקער.

דער צווייטער פאל איז דער אורטייל פון דזשאדזש קאטילא געגען פיר פיקעטס און דעם מענעדזשער פון דער ווינדאו דרעסערס יוניאן, לאקאל 144 סי. אי. א., וועלכער האט פאר'משפט צו דרייסיג טעג טורמע און געלט שטראף פאר פיקעטען די בוש דזשולערי סטארס. די פירמע האט ארויסגעקראגען אן אינדזשאנקשאן געגען צוויי שוועסטער יוניאנס פון די ווינדאו טרימערס, וועלכע האבען געגען איהר געפירט א סטרייק, לאקאל 144 האט מיט יענעם אינדזשאנקשאן ניט געהאט צו טאן. דזשאדזש קאטילא האט אבער אויסגעטייטשט אז זיי האבען אומיסטען פאראורזאכט דעם סכסוך מיט דער פירמע כדי צו קענען האלטען פיקעטס ארום די סטארס וועלכע די אנדערע לאקאלס האבען ניט געקענט טאן צוליב דעם אינדזשאנקשאן. דעריבער זיינען זיי שולדיג אין פאראכטונג צום געריכט און דארפען באשטראפט ווערען.

די געפאר פון אזא אויסטייטשונג פאר די יוניאנס איז קלאר. דאס מאכט פאקטיש צו ניט דעם געזעץ געגען ארויסגעבען אינדזשאנקשאנס אין ארבייטער סכסוכים אויף וועלכען די יוניאנס האבען געלייגט אזוי פיל האפענונג. וואס עס איז נאך פארדריסליכער איז דאס וואס קאטילא איז ערוויילט געווארען צום ריכטער אמט מיט דער שטיצע פון די יוניאנס. די יוניאנס אליין, הייסט עס, האבען דעם יוניאן פרעסערישען דזשאדזש ארויפגעזעצט אויפן בענקעל.

# דער שטונדען־שכירות געזעץ און וועלכע קלאסען ארבייטער ער רירט אן

דער שטונדען־שכירות געזעץ פון דער פעדעראלער רעגירונג איז אריין אין קראפט מאנטאג, דעם 24טען אקטאבער. עס ווערט געשאצט, אז ארום עלף מיליאן ארבייטער אין לאנד פאלען ארונטער אונטער דעם געזעץ. זיין צוועק איז ארונטער צו בריינגען די ארבייטס־צייט פאר אלע אינדוסטריעלע ארבייטער צו 40 שעה א וואך און ניט ערלויבען צו צאלען קיינעם וויניגער ווי 40 סענט א שטונדע. דאס ווערט אבער ניט איינגעשטעלט מיט איין מאל נאר ביסלאכווייז.

### די סטאנדארדס וואס ווערען גלייך איינגעשטעלט

אזוי שנעל ווי דער געזעץ איז אריין אין קראפט, האט עס גלייך פארפליכטעט אלע ארבייטס־געבער אויטאמאטיש איינצושטעלען א 44 שטונדען וואך און צאלען וויניגסטענס 25 סענט א שטונדע. ווען איינער ארבייט מעהר ווי די 44 שטונדען דארף דער באס צאלען אנדערטהאלבען מאל פאר די איבערשטונדען. דער געזעץ זוכט אויך צו פארבאטען באשעפטיגען קינדער ביי דער ארבייט אונטער „שלעכטע באדינגונגען". סחורה וואס איז פראדוצירט געווארען אונטער ערגערע באדינגונגען ווי דער געזעץ שרייבט פאר אדער איבערטרעטענדיג די באפעלען פון דעם אדמיניסטראטאר, וועט פארבאטען ווערען צו פארקויפען אין אנדערע סטעיטס. פאר איבערטרעטען די פארשריפטען פון דעם געזעץ קען איינער באשטראפט ווערען דאס ערשטע מאל מיט ניט מעהר ווי צעהן טויזענט דאלאר שטראף. דאס צווייטע מאל, מיט צעהן טויזענט דאלער, זעקס מאנאטען טורמע אדער ביידע צוזאמען.

דער געזעץ שרייבט פאר, אז עס זאלען איינגעשטעלט ווערען קאמיסיעס פאר יעדע אינדוסטריע. דאס איז אבער בלויז איינצושטעלען העכערע מינימומס און קירצערע שטונדען ווי די וואס דער געזעץ שרייבט פאר באלד אין די אינדוסטריען וואו דאס איז מעגליך. דערווייל איז בלויז איין איינציגע קאמיסיע באשטימט געווארען פאר דער טעקסטיל אינדוסטריע. דאס באפרייט אבער ניט די ארבייטסגעבער פון די אנדערע אינדוסטריען פון דעם געזעץ. דער מינימום פון 25 סענט א שטונדע און די מאקסימום ארבייטס־וואך פון 44 שטונדען מוזען זיי גלייך איינפירען. אפילו אין פלעצער וואו א יוניאן האט אן אגרימענט ערלויבענדיג נידעריגערע שכירות אדער לייגערע שטונדען, ווערט דער אגרימענט בטול. דער געזעץ האט אבער א פונקט וואס באשטימט אז עס זאל ניט בארעכטיגען די פארקלענערונג פון שכירות דארט וואו מען האט ביז איצט געצאלט מעהר פון דעם מינימום וואס דער געזעץ שרייבט פאר. דער פונקט איז אבער ניט קיין אמת'ער טייל פון דעם געזעץ וועלכען מען קען צווינגען איינעם נאכצוקומען. עס איז בלויז א האפענונג אויסגעדריקט פון דעם קאנגרעס אבער ענפארסען עס קען מען ניט.

אויסער די געלט שטראף און טורמע וואס דער געזעץ שרייבט פאר פאר איבערטרעטען עס קען אן ארבייטער אויך אויפמאנען צוויי מאל אזוי פיל ווי דער באס האט איהם ניט דעצאלט פאר דער ארבייט. דאס הייסט, אויב ער האט געארבייט מעהר ווי די 44 שטונדען און האט ניט געקראגען באצאלט עקסטרא, קען ער אויפמאנען טאפעלט פון דער סומע. דאס זעלבע אויב מען האט איהם געצאלט וויניגער ווי די 25 סענט א שטונדע אדער וויניגער ווי די שכירות וואס די אינדוסטריעלע קאמיסיע האט באשטימט פאר דעם טרייד.

ווען אן ארבייטער פארקלאגט דעם באס אין געריכט פאר ניט צאלען אים לויט דעם געזעץ און ער געווינט, דארף דער בעל הבית באצאלען אויסער טאפעלט די ניט דערצאלטע סומע אויך געריכט אויסגאבען און פארן לאיער, וואס דער ארבייטער האט געדונגען.

### אפיעלס געגען באפעלען פון אדמיניסטראטאר

ארבייטער אדער בעלי בתים וועלכע פילען זיך געקריוודעט פון א באפעל פון אדמיניסטראטאר איבער ווידזשעס, קאנען אפעלירען צום סוירקיט קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען. דער געריכט קען אבער בלויז ענטשיידען איבער פראגען פון געזעץ. וואס אנבאלאנגט די פאקטען אין דער קעיס איז דער אורטייל פון דעם אדמיניסטראטאר ענדגילטיג. די רעגירונג קען אנקלאגען קרימינעל פאר איבערטרעטען דעם געזעץ אדער פאר אועקשיקען אן ארבייטער, פארפאלגען אדער דיסקרימינירען געגען איהם דערפאר וואס ער האט אריינגעבראכט א קלאגע אונטער דעם געזעץ אדער איז אויפגעטראטען אלס עדות אין א פארהער איבער שכירות און שטונדען. זי קען אויך ארויסנעמען אן אינדזשאנקשאן געגען א באס וואס זאל איהם פארווערען איבערטרעטען דעם געזעץ.

די סטאנדארדס וואס דאס געזעץ שרייבט פאר זיינען ווי פאלגט: דאס ערשטע יאהר, ביז אקטאבער 24טען, 1939, א פיר און פערציג שטונדען וואך; דאס צווייטע יאהר, ביז אקטאבער 1940 — א 42־שטונדען וואך; נאכדעם א 40 שטונען וואך. ארבייטען אווערטאים איז ניט פארבאטען בתנאי ער צאלט אין געלט (ניט ארונטערגעגעבען א צווייטע וואך די צייט) אנדערטהאלבען מאל אזוי פיל ווי פאר דער רעגולערער צייט.

### מינימום שכירות

די מינימום שכירות וואס דאס געזעץ שרייבט פאר זיינען: דאס ערשטע יאהר ביז אקטאבער 24טען, 1939 — 25 סענט א שטונדע. די נעכסטע זעקס יאהר, ביז אקטאבער, 1945 — 30 סענט א שטונדע. נאכדעם 40 סענט א שטונדע. דאס איז דאס וויניגסטע. דער געזעץ אנערקענט אבער אז אין געוויסע אינדוסטריען איז ניט נויטיג צו ווארטען אזוי לאנג אויף איינפירען די העכערע שכירות און שרייבט דעריבער פאר, אז די באדינגונגען אין יעדע אינדוסטרי זאל באשטימט ווערען פון א קאמיסיע וואו די ארבייטס־געבער, ארבייטער און דאס פובליקום זאלען זיין גלייך פארטראטען. די קאמיסיע קען רעקאמענדירען העכערע מינימומס ווי 25 אדער דרייסיג סענט א שטונדע, אבער ניט מעהר ווי 40 סענט און דער אדמיניסטראטאר, ווען ער קריגט אזא רעקאמענדאציע קען עס באפעלען. אויב דער ארמיניסטראטאר איז ניט צופרידען מיט דער קאמיסיע, קען ער זי אויפלעזען און באשטימען אן אנדער קאמיסיע אויף איהר פלאץ.

### ווער פאלט ארונטער אונטער'ן געזעץ

אונטער'ן געזעץ פאלען ארונטער אלע ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט ביים פראדוצירען סחורות, אויסגראבען מעטאלען און מינעראלען אדער ביים טראנספארטירען און אריבערפירען סחורה פון איין פלאץ צום צווייטען אויף וועלכען עס איז אופן אין צווישען סטעיט האנדעל. אנגעשטעלטע וואס פארנעמען זיך מיט וועלכער עס איז באשעפטיגונג וואס איז נויטיג צו פראדוצירען אזא סחורה. ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט ביים איבערפירען סחורה פון איין סטעיט אין צווייטען, עס צופירען צום פלאץ אדער ביים צוזאמענגרעדען זיך וועגען דעם. אין דעם ערשטען ביולעטין וואס אדמיניסטראטאר ענדריוס האט ארויסגעגעבען ווערען אין דעם איינגעשלאסען אלע אפיס אנגעשטעלטע, מעינטענענס ארבייטער און אויפפאסערס וואס ווערען באשעפטיגט אין פירמעס וואס זיינען אונטערווארפען דעם געזעץ. א נאכט־וואטשמאן, צום ביישפיל, וואס ארבייט פאר א פירמע וואס פירט אן מסחר מיט אנדערע סטעיטס אדער פראדוצירט ווארע פאר אזא האנדעל איז אין דעם איינגעשלאסען.

### די וואס קומען ניט אונטער דעם געזעץ

דער שטונדע־שכירות געזעץ איז ניט אנווענדבאר אויף פאלגענדע קלאסען ארבייטער:

1) אגריקולטור ארבייטער, מאטראזען, באשעפטיגטע ביים לופט פארקעהר, סטריט קאר און מאטאר באס אנגעשטעלטע, ארבייטער אויף ארום שטאטישע אייזענבאהנען און באשעפטיגטע ביי צוויי־וועכענטליכע ציימונגען וועלכע פארקויפען זיך אין וויניגער ווי דריי טויזענט עקזעמפלארען און מעהרסטענס אין איין קאונטי.

2) פערזאנען וואס זיינען עקזעקוטיווע אדער אדמיניסטראטיווע אנגעשטעלטע, פראפעסיאנאלען, ריטעיל סעילסלייט אין סטארס אדער אויטסייד סעילסלייט.

3) מענשען, וועלכע זיינען אנגעשטעלט אין א פלאץ וואס פארקויפט ריטעיל אדער באדינט צום גרעסטען טייל קאסטימער פון דעם זעלביגען סטעיט.

4) אלע וואס זיינען באשעפטיגט אין פישערייען, אריבערפירען אדער קאנסערווירען פיש.

5) מענשען וואס ווערען באשעפטיגט אין פלאץ וואו עס ווערט פראדוצירט ביים הענדלען, צוגרייטען

אָרעמקייט און אַרבייטסלאָזיגקייט. אַלעקסאַנדער פּ. וויטני, פּרעזידענט פון דער בראָדערהוד אָוו רעילוויי טרעינמען, האָט באַוויזן פאַר דער קאָמיסיע, אַז זינט 1920 האָבן די אייזנבאַנען אַרויסגעוואָרפן פון באַשעפטיגונג איבער אַ מיליאָן אַרבייטער. זייער פּעי־ראָל איז אין די אַכצן יאָר געשניטן געוואָרן מער ווי העלפט, אין דער צייט וואָס די סחורה וואָס ווערט געפירט פאַר מאַן איז כמעט פאַרטאָפּעלט געוואָרן צוליב די לענגערע באַנען און גרעסערע לאָקאָמאָטיוון וואָס ווערן באַנוצט, און אַנדערע טעכנישע אויסבעסערונגען.

דער איינציגער ראַדיקאַלער מיטעל געגען דער שווערער לאַגע פון די אייזנבאַנען און די רויבעריי פון די קאָמפּאַניס וואָלט געווען דער אַמאָליגער „פּלאָמב פּלאַן". אַז די רעגירונג זאָל איבערנעמען די אייזנבאַנען און לאָזן די יוניאָנס עס פאַרוואַלטען. דער פּלאַן אָבער וואָס האָט פאַראורזאַכט אַזאַ שטורעם אין 1919 איז שוין, ווייזט אויס, פאַרגעסן געוואָרן ניט נאָר פון דער רעגירונג, נאָר אויך ביי די יוניאָנס.

### טראָק דרייווער אין פאַרביסענע קאַמפּען איבערן גאַנצען לאַנד

פאַר די לעצטע עטליכע וואָכען האָבן די טראָק־דרייווערס זיך אויסגעצייכענט פון די אַרבייטער פון אַלע אַנדערע טריידס מיט זייער מוטיגען אַרויסטריט פאַר פאַרבעסערונגען אין פאַרשיידענע געגענדען פון לאַנד. מיר האָבן אין לעצטען נומער גערעכטיגקייט שוין דערמאָנט דעם סטרייק פון די טראָק דרייווערס אין ניו יאָרק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט כמעט אַלע דרייווערס אין שטאָט און האָט זיך אויך פאַרשפּרייט אַריבער דעם האַדסאָן אין דזשוירזי סיטי. ווען מיר זיינען דעמאָלט געגאַנגען צום דרוק, איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ וואָפען־שטילשטאַנד פאַר אַ פּאָר טעג. דער סטרייק האָט זיך נאָכדעם אויף דאָס ניי פאַנאַנדערגעפלאַקערט, ווען די בעלי־בתים האָבן זיך אָנטזאָגט אָנצונעמען דעם קאָמפּראָמיס וואָס מעיאָר לאַגוואַרדיאַ האָט פאָרגעשלאָגען. נאָך אַ וואָך סטרייק זיינען זיי געצוואונגען געוואָרן איינצוגיין אויף די באַדינגונגען און אונטערגעשריבען דעם אַגרימענט. די אַרבייטער האָבן געוואונען אַ 44־שטונדיגע אַרבייטס־וואָך מיט דעם זעלבען געהאַלט וואָס זיי האָבן פריהער געקראָגען פאַר 47 שטונדען אַרבייט. אויך די טראָק לייט פון ניו דזשוירזי האָבן געקראָגען די זעלבע באַדינגונגען.

אין פילאַדעלפיע האָבן דעם מאָנאַט פאַרסטרייקט דריי טויזענט טראָק דרייווערס וואָס ראַמען אָפּ דעם אַש און אָפּפאַל פון די גאַסען. דער סטרייק איז גערופען געוואָרן איבער דעם וואָס 264 יוניאָן לייט זיינען אַרויסגעוואָרפען געוואָרן פון דער אַרבייט אונטער דעם אויסרייד, אַז די שטאָדט האָט קיין געלט נישט. דער ליבעראַלער מעיאָר ווילסאָן האָט גלייך דערקלערט אַז סטרייקען געגען דער רעגירונג איז רעוואָלוציע ר"ל און די בונטאָוושטשיקעס האָבן פאַרלאָרען זייער רעכט אויף די דזשאָבס. ער האָט טאַקע גלייך אָנגעשטעלט סטרייק ברעכער און האָט זיי געגעבען די גאַנצע פּראָטעקציע פון דער פּאָליציי. די אַרבייטער אין שטאָט זיינען אָבער געוואָרן אַזוי אויפגעקאָכט פון דער סטרייק ברעכעריי, אַז זייער ווייניגע טראָקס האָבן די סטרייק ברעכער געקענט דורכפירען דורך די גאַסען. די מערסטע פון זיי האָבן די אַרבייטער איבערגעקערט אין מיטען שטאָט. דער סטרייק איז ענדליך געוואונען געוואָרן פון די אַרבייטער. די סטרייקער און די ענטזאָגטע אַרבייטער זיינען צוריק אָנגעשטעלט געוואָרן. די רעגירונג האָט באַשטימט די נויטיגע געלט צו צאָלען זיי די שכירות.

אין סיינט לואיס, מיזורי, זיינען די טראָק דרייווערס פון דריי קאָמפּאַניס אַרונטער אין סטרייק אין סימפּאַטי מיט די דרייווערס פון ספּרינגפילד און דזשאָפּלין וועלכע אַרבייטען פאַר די זעלבע קאָמפּאַניס. אַ פערטע פירמע האָט אונטערן דרוק פון די אַרבייטער אונטערגעשריבען אַ קלאָוזד שאָפּ אַגרימענט מיט דער טראָק דרייווערס יוניאָן.

אין נעבראַסקע גייט אָן אַ סטרייק פון אַלע טראָק דרייווערס שוין די פינפטע וואָך. די באָסעס האָבן זיך אָנטזאָגט אונטערצושרייבען דעם זעלבען אַגרימענט וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון די טראָק אייגענטימער אין אַלע נאָרד סענטראַל סטעיטס. די סטרייקער זיינען ניט און די יוניאָן האָט זיך געווענדעט צו דער רעליף אַדמיניסטריישאָן פון סטעיטס צו באַזאָרגען די סטרייקער און זייערע פאַמיליעס מיט לעבענס מיטעל. די לאָקאַל יוניאָנס פון די אַרומיגע שטעט העלפען מיט וואָס נאָר מעגליך.

אין סאַן אַנטאָניאָ, טעקסאַס, האַלט עס ביי אַן אַל־

געמיינעם סטרייק פון טראָק דרייווערס, וועלכע זיינען ביז איצט ניט געווען אָרגאַניזירט. די באַדינגונגען פון די אַרבייטער לויט אַ ליפלעט וואָס די יוניאָן האָט פאַרשפּרייט אין שטאָט זיינען שוידערליך אומגלויבליכע. שכירות זיינען אַזוי נידעריג ווי 7 דאָלאַר אַ וואָך. פילע פון די טראָק דרייווערס מוזען וואוינען אין חורבות וואָס די באָסעס פאַרדינגען זיי און רייסען די הויט דורך הויכע רענט. די באָסעס זיינען גוט אָרגאַניזירט אין אַן אַסאָסיעישאָן און אידיעקעווען זיך איבער די אַרבייטער אומ'ברחמנות'דיג.

### נאָך ווייט פון שלום אין דער אויטאָ־יוניאָן

וועגען דעם שלום וואָס די סי. אַי. אָ. פאָרטרעטער סידני הילמאַן און פיליפּ מאַרעי האָבן געבראַכט אין דער אויטאָמאָביל יוניאָן, זיינען מיר אין לעצטען נומער נאָך ניט געווען זיכער אויב עס איז אַ פרידען אָדער בלויז אַ וואָפען־שטילשטאַנד. דורך די מאָגערע נייעס וואָס מיר האָבן דעם מאָנאַט באַקומען דורך די צייטונגען וועגען די געשעהענישען אין דער יוניאָן ווייזט אויס אַז עס איז מעהר ווי אַ וואָפען־שטילשטאַנד. עס איז אַ פרידען אויף דעם זעלבען אופן ווי דער וואָס די פּרעמיערען פון די פיר לענדער האָבן געשאַפען אין מינכען...

לויט די באַריכטען אין די צייטונגען האָט מען מאַרטינ'ען געלאָזט וויסען אַז ער וועט מוזען אָפּברעכען זיינע באַציהונגען מיט די לאָווסטאָניסטען און אוועקשיקען די ראָט געבער וואָס ער האַלט אָן פון יענעם לאַגער. אויב ער וועט עס אַליין ניט טאָן ביז דעם ערשטען נאָוועמבער, וועט עס די גענעראַל עקזעקוטיווע טאָן אָן אים. די אולטימאַטיווע פאָדערונג און דער גאַנצער טאָן ווייזען אָן אַז די אומפּאַפּעניגקייט פון דער אויטאָמאָביל יוניאָן וואָס מען האָט אַזוי הייליג פאַרשפּראָכען אין דעם פרידענס אָפּמאַך איז פּשוט געווען אַן אָנשטעל. די בעלי בתים אין דער אויטאָ יוניאָן זיינען איצט ניט מער מאַרטין און זיין גענעראַל עקזעקוטיווע נאָר די פאַרמיטלער פון דער סי. אַי. אָ. מיט דעם רעאַינסטעיטען פון די פיר אויסגעשלאָסענע וויים־פּרעזידענטען איז וואַרשיינליך איצט פאַראַן אין דער עקזעקוטיווע אַ מאַיאָריטעט פון דער אָפּאָזיציע און מאַרטין האָט ניט קיין אַנדער ברירה ווי פאָלגען... אויב אַזאַ שלום קען לאַנג אָנהאַלטען גלויבט זיך ניט. נאָר אויב אַפילו יאָ, קען קיין געזונטע קאַמפּס־פעיגע יוניאָן עס זיכער ניט זיין.

ווי צו אילוסטרירען די לאַגע, איז דעם מאָנאַט פאָרגעקומען אַ סטאָפּעדזש אין די קרייזלער און פּלימוטה פאַבריקען אין אַ פאַרזוך פון דער יוניאָן איינצושטעלען צייטווייליג אַ 32 שטונדען וואָך אָנשטאָט די פערציג שטונדען אום מעהר אַרבייטער זאָלען האָבען באַשעפטיגונג. פאַרהאַנדלונגען איבער דער פראַגע איז אויך אָנגעפירט געוואָרן מיט דער ביואיק אָפּטיילונג פון דזשענעראַל מאָטאָרס. די יוניאָן האָט אָבער שנעל געמוזט ענדערען די שטעלונג איהרע ווייל אַ באַדייטענדע צאָל מיטגלידער האָבען איינפאַך רעוואָלטירט געגען טיילען זיך מיט דער אַרבייט. זיי זיינען באַשטאַנען אויף זייער סעניאָריטי רעכט און האָבען פאַרלאַנגט די פולע וואָך אַרבייט אידער מען נעמט צוריק די אָפּגעלייגטע אַרבייטער. לויט די באַריכטען וועט די גענעראַל עקזעקוטיוו ביי איהר נעכסטען מיטינג אין וואַשינגטאָן ענדערען אָט דעם באַשלוס כאָטש עס איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיג.

אַ סענסאַציע האָט אַרויסגערופען דעם מאָנאַט דער באַזוך וואָס פּרעזידענט מאַרטין האָט געמאַכט ביי הענרי פאָרד אין זיין ריווער רוזש פאַבריק. מאַרטין האָט דאָרט געהאַט אַ געשפּרעך מיט פאָרד און נאָכדעם האָט ער פאַרבראַכט אַ היבשע צייט מיט מר. בענעט, דער פּערסאָנאַל דירעקטאָר פון דער פאָרד קאָמפּאַני. אַז פאָרד, דער פאַרביסענער געגנער פון אָנערקענען אַ יוניאָן זאָל האָבען אַ געשפּרעך מיט אַ יוניאָן פּרעזידענט ווייזט אַז עפּעס האָט זיך געענדערט. אויב עס זאָל דער אויטאָ יוניאָן געלינגען צו קריגען אַן אָפּמאַך מיט פאָרד'ען אָן אַ קאַמף וואָלט עס זיכער געווען אַ סימן פון משיח־צייטען.

### סטרייקס און סעטעלמענטס דעם מאָנאַט

די דאָק אַרבייטער אין ניו יאָרק האָבען באַנייט דעם אַגרימענט מיט די אַטלאַנטיק קאָוסט סטימשיפּ קאָמפּאַניס. שטונדען און שכירות זיינען געבליבען די זעלבע, 44 שטונדען און 1.05 דאָלאַר אַ שטונדע און 60 סענט אַ שטונדע עקסטראַ פאַר אָווערטאַיים. די איינציגע פאַרבעסערונג איז דאָס וואָס זיי מוזען קריגען 4 שטונדען אַרבייט אָדער געצאָלט ווען זיי ווערען גערופען צו דער אַרבייט שבת.

די אַרבייטער אויף די שלעפּ־שיפען האָבען נאָך אַ קורצען סטרייק וואָס האָט כמעט פּאַראַליזירט דעם ניו יאָרקער האַפען איינגעשטימט צוריקצוגיין צו דער אַרבייט אויף אַ קאָמפּראָמיס וואָס מעיאָר לאַגוואַרדיאַ האָט פאָרגעשלאָגען. עס האָט זיך געהאַנדעלט הויפּטזאַכליך וועגען דער פראַגע פון אַ העכערונג אויף די שכירות.

נאָך אַ סטרייק פון צען טעג, האָבען די וועראָהויז־לייט אין סיינט פּאָול, מינעסאָטאַ, געוואונען אַ פאַרקירצונג פון דער אַרבייטס־וואָך פון 48 אויף 44 שטונדען, קליינע העכערונגען אויף די שכירות, אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט און סעניאָריטי רעכט. די אייזענבאַהן אַרבייטער יוניאָנס אין שטאָט האָבען זיי פיל געהאָלפען געווינען דעם סטרייק.

אַ סטרייק וואָס האָט געדויערט עלף מאָנאַטען איז דעם מאָנאַט געסעטעלט געוואָרן מיט אַ פולען געווינס פאַר די אַרבייטער. דער סטרייק איז געווען פון דער בוירגען־פּאַסעיק אָפּטיילונג פון די גאַרדען סטעיט באָס ליינס. די פינף און זיבעציג סטרייקער האָבען געקראָגען 10 טויזענט דאָלאַר בעק פּעי פאַר פאַרלאָרענער צייט, אַלע מוזען צוריקקריגען זייערע פּלעצער און סעניאָריטי, איינגעשלאָסען די צוויי אָנטזאָגטע אַרבייטער צוליב וועמען דער סטרייק איז גערופען געוואָרן. זיי קריגען אויך אַ קלאָוזד יוניאָן שאָפּ מיט דער אויסנאַמע פון די וואָס האָבען געאַרבייט פאַר דער קאָמפּאַני איידער דער סטרייק איז גערופען געוואָרן און האָבען ניט באַלאַנגט צו דער יוניאָן. יענע קענען בלייבען אויסער דער יוניאָן אויב זיי ווילען זיך ניט אָנשליסען. די שכירות איז געהעכערט געוואָרן מיט צען פּראָצענט אויף דער הויפּט־ליין און צוויי און דרייסיג פּראָצענט פאַר די וואָס אַרבייטען אויף דער שאַטעל־ליין. אַרום פופציג דרייווערס וואָס האָבען פאַרנומען די פּלעצער פון די סטרייקער ווערען אַוועקגעשיקט. דער סעטעלמענט איז געמאַכט געוואָרן דורך אַן ענטשיידונג פון דער לעיבאָר רילעישאָנס באָאַרד. די אַרבייטער באַלאַנגען צו דער רעילוועי טרעינמענס יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל.

אַ סטרייק פון מיטגלידער פון דער ניוס פּעיפּער גילד האָט דעם מאָנאַט אָפּגעשטעלט אַלע פיר צייטונגען אין ווילקעסבאַר, פּענסילווייניע. די אייגענטימער פון די פיר צייטונגען האָבען געהאַט פאַרשפּראָכען דעם לעיבאָר באָאַרד אַז זיי וועלען פאַרהאַנדלען וועגען אַן אַגרימענט און קומען צו אַ פאַרשטענדעניס מיט דער יוניאָן ביז דעם 30טען סעפּטעמבער. ביי די פאַרהאַנדלונגען האָבען זיי אָבער כסדר געהאַלטען אין איין פאַרציהען און אָפּלייגען ביז די אַרבייטער זיינען אַרויס אין סטרייק.

די דרוקער אַרבייטער און טימסטערס שטיצען דעם סטרייק מיט אַלע מיטלען. זיי האָבען געמאַכט פאַרזוכען צוזאַמענצוברענגען ביידע צדדים און סעטלען. די בעלי בתים אָבער זיינען איינגעשפּאַרט און דער סטרייק גייט אָן.

אין סטרייק זיינען אַרונטער דעם מאָנאַט די 1,110 אַרבייטער פון דער פּ. לאָרילאַרד קאָ. וואָס פּראָדוצירען די „אָלד גאָלד" סיגאַרעטס. די פעקטאָרי געפינט זיך אין מידעלטאַון, אָהייאָ. די אַרבייטער זיינען אָרגאַניזירט אין אַ לאָקאַל פון דער סי. אַי. אָ. די קאָמפּאַני האָט געהאַלטען אין איין אָפּלייגען אַן ענטפער אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי מוזען קריגען די ערלויבעניש צו סעטלען מיט דער יוניאָן פון דעם הויפּט אָפיס אין ניו יאָרק. ביז ביי די אַרבייטער האָט געפּלאַצט דער געדולד און זיי זיינען אַרויס אין סטרייק. די פעקטאָרי איז געשלאָסען.

אַן אינטערעסאַנטער ביישפּיל פון אַרבייטער אייניגקייט, טראָץ דעם קריג צווישען די צוויי טיילען פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, איז פאָרגעקומען דעם מאָנאַט אין פּענסילווייניע. די וואַלדמיר פאַרניטשור קאָמפּאַני, וואָס האָט געהאַט אַ שאָפּ אין ניו יאָרק אָן אַן אַגרימענט מיט דער אָפּהאָלסטערערס יוניאָן, לאָקאַל 76 פון דער סי. אַי. אָ. האָט סוף אויגוסט אַרויסגענומען דעם שאָפּ אין עלענטאַון, פּענסילווייניע, און האָט דאָרט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט לאָקאַל 162 פון דער אָפּהאָלסטערערס יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל.

ווען די פאָרטרעטער פון דער סי. אַי. אָ. פון ניו יאָרק האָבען אויסגעפונען וואו דער באָס איז אַוועקגעלאָפען זיינען זיי אַהין געקומען און נאָכדעם ווי זיי האָבען איבערגעגעבען די פאַקטען האָט דער לאָקאַל צוריקגעוויזען דעם קאָנטראַקט און אַלע אַרבייטער האָבען זיך אָנטזאָגט צו אַרבייטען פאַר דער פירמע. די פירמע האָט נעבעך געמוזט אונטערשרייבען אַ נייעם אַגרימענט מיט דער סי. אַי. אָ. און צוריק עפענען דעם שאָפּ אין ניו יאָרק. די שכירות זיינען אונטער דעם

פארשיידענע פלעצער, וואו דער יוניאן קאנטראל מוז פארשטארקט ווערען. עס איז אויך גערעדט געווארען וועגען דער נויטיגקייט זיך צו האלטען שטרייננגער צו די פרייזען וואס ווערען געסעטעלט אז זיי זאלען טאקע געצאלט ווערען און די פראגע פון א יושר'דיגע טיילונג פון ארבייט אין די שעפער.

## קלאוק באס דארף צאלען 150 טויזענד דאלער בעק פעי.

אן אנטשיידונג פון דער לעיבאר רילעישאנס באארד דעם מאנאט האט געארדערט דער פירמע קעסלער און ראבינאוויץ, וועלכע געהען אונטער דעם נאמען „ליטעל פרינס” צו באצאלען די הונדערט און פופציג ארבייטער וואס זי האט אויסגעשלאסען לעצטעס יאהר פאר זייער געלט פארלוסט. מען שאצט, אז די סומע וועט אנטרעפען ארום הונדערט און פופציג טויזענט דאלאר.

די פירמע איז פריהער געווען א טשילדרען דרעס הויז און האט געהאט אן אגרימענט מיט לאקאל 91. איהר אפיס איז געווען אין 1350 בראדוועי און דער שאפ אין יוניאן סיטי, ניו דזשוירזי. ווען די פירמע האט אנגעהויבען פראדוצירען טשילדרענס קאוטס און סנאו סוטס, זיינען זיי ארונטערגעפאלען אונטער דער יוריסדיקציע פון דער קלאוק דזשאינט באארד און, ניט וועלענדיג איינשטעלען די באדינגונגען פון דער קלאוק אינדוסטריע, האבען זיי ארויסגעמופט דעם שאפ נאך קאלאמביא, פענסילווייניע, לאזענדיג די ארבייטער פון יוניאן סיטי אהן באשעפטיגונג.

די יוניאן האט די פירמע פארקלאגט פאר דער לעיבאר רילעישאנס באארד און האט ארויסגעקראגען אן אנטשיידונג אז די פירמע מוז באצאלען די הונדערט און פופציג ארבייטער פון איהר שאפ אין יוניאן סיטי פאר זייער צייט פארלוסט פון דעצעמבער, 1937, אן ווען זי האט אוועקגעמופט דעם שאפ. די פירמע איז אויך געארדערט צוריקצונעמען צו דער ארבייט די אלע ארבייטער וואס האבען געארבייט אין יוניאן סיטי שאפ אין דער צייט וואס ער האט ארויסגעמופט; צוריק עפענען דעם שאפ אין יוניאן סיטי אדער באצאלען די עקספענסעס פאר אריבערמופען די פאמיליעס פון די 150 ארבייטער נאך קאלאמביא. דאס רעכענט מען וועט דער פירמע דארפען קאסטען נאך 30,000 דאלאר. די פירמע מוז אויך פארהאנדלען מיט דער דזשאינט באארד און נאכקומען די סטענדערדס פון דער קלאוק אינדוסטריע.

## אין דרעס טרייד אין ניו יארק

כאטש דער אגרימענט אין דרעס טרעיד געהט אויס אין דריי מאנאטען ארום, איז ווען די שורות ווערען געשריבען נאך קיין אפיציעלע פארהאנדלונגען וועגען באדינגונגען פאר'ן נייעם אגרימענט ניט אנגעפאנגען געווארען. הינטער די קוליסען געהען אן אביסעל מאנעוורעס אין די אסאסיעישאנס גופא, הויפטזאכליך אין דער פאפולאר פרייז גרופע. דאס האט אבער מעהר צו טאן מיט די אינערליכע אסאסיעישאן פאליטיקס ווי מיט די באציהונגען צו דער יוניאן, כאטש, נאטירליך, זוכט יעדער צד אויך אריינשלעפען אינדוסטריעלע פראבלעמען, וועלכע זיינען נוגע אויך די ארבייטער.

לויט אלע ווארשיינליכקייטען אבער וועלען קיין באדייטענדע ענדערונגען אין די באדינגונגען ניט געמאכט ווערען דאס יאהר, און עס וועט דערגרייכט ווערען א פרידליכער סעטעלמענט. וויים פרעזידענט האכמאן, דזשענעראל מענעדזשער פון דער דרעס דזשאינט באארד האט איינפאך ערקלערט, אז די יוניאן וועטווארטען צו זעהן וואס די בלי־בתים אסאסיעישאנס וועלען האבען צו ענטפערען אויפ'ן פארשלאג פון אימפארשיל טשערמאן צו פארהאנדלען דעם נייעם אגרימענט וואס פריהער אום ניט צו שטערען דעם ספרינג סעזאן דורך אונגעוויסהייט.

די דזשאינט באארד געהט דערווייל אן מיט איהר ארבעט אויפצופאסען אויף די יוניאן באדינגונגען און ארגאניזירען די שעפער וואס זוכען זיך ארויסצודרעהען פון יוניאן קאנטראל. דורך די לעצטע פאר וואכען, האט די דזשאינט באארד ווידער איינגעמאנט דריי טויזענט דאלאר פון פירמעס וואס האבען פרובירט „טשיזלען” פון זייערע ארבייטער דורך צאלען נידעריי-

גערע פרייזען אדער אנגעבען העכער געפרייזטע דרעסעס אלס ביליגערע דרעסעס אום צו קריגען עס געסעטעלט ביליגער. די דריי פירמעס וואס האבען געמוזט צוריקצאלען די גרעסטע סומען זיינען: די „ראקסאנא דרעס” וועלכע האט באצאלט 1,000 דאלאר; די ד. ר. א. דרעס” — 500 דאלאר און „פראגראוז דרעס” — 550 דאלאר.

## דאבעליו פי איי דרעסמאכער ארגאניזירען זיך.

איבער 500 דרעסמאכער וואס ווערען באשעפטיגט ביים דאבליו פי. איי. פראיעקט האבען אפגעהאלטען א ספעציעלע פארזאמלונג צו דיסקוסירען באדינגונגען ביי דער ארבייט און ווי אזוי צו פארבעסערען די באדינגונגען. דער מיטינג איז אדרעסירט געווארען פון וויים־פרעזידענט טשארלס זימערמאן, מענעדזשער פון לאקאל 22 און פריינק אליווא, מענעדזשער פון פאפולאר דעפארטמענט פון דער דזשאינט באארד. זימערמאן האט אין זיין רעדע אנגעוויזען אז די מעגליכקייטען פאר דער יוניאן צו באאיינפלוסען ארבייטס־באדינגונגען ביים פראיעקט איז באגרעניצט דורך די רעגירונגס־רעגולאציעס וועלכע מיר קענען ניט ענדערען. הויפטזאכליך האט זיך זימערמאן אפגעשטעלט אויף דעם רול אז אום צו קענען קריגען ארבייט אויף דעם פראיעקט מוז איינער זיין אין נויט און ניט האבען קיין אנדערע מיטלען צום לעבען. דאס איז עטוואס וואס די יוניאן קען ניט ענדערען. ער האט אבער אנגעוויזען אז אין די ראמען פון געזעץ טוט די יוניאן וואס זי קען צו פארבעסערען די באדינגונגען ווי ווייט מעגליך. אזוי האט ער ערקלערט זוכט די יוניאן איצטער צו פארקלענערען די צאל שטונדען וואס די ארבייטער מוזען ארבייטען אום צו באשיצען די סטענדערדס וואס זיינען איינגעשטעלט אין דער דרעס אינדוסטריע.

די ארבייטער האבען דורכגעפירט א לעבעדיגע דיסקוסיע איבער די פראבלעמען פון די ארבייטער ביי דעם דרעס פראיעקט. שוועסטער יעטא הארן איז ערוועהלט געווארען טשערלעידי און עס וועלען ערוועהלט ווערען טשערלייט אין די אלע אפטיילונגען וועלכע וועלען שטעהן אין אייגער פארבינדונג מיט דער יוניאן.

## טשילדרען דרעס לאקאל פייערט זילבער יובילייו

דער טשילדרען דרעס, הוז דרעס און בעטהראוב ארבייטער יוניאן, לאקאל 91, פייערט דעם מאנאט א טאפעלטען זילבערנעם יובילעי. עס איז 25 יאהר זינט די צוויי לאקאלס, 41 און 50, וועלכע זיינען שפעטער פאראייניגט געווארען אין איצטיגען לאקאל 91, זיינען ארגאניזירט געווארען און עס איז אויך 25 יאהר זינט דער מענעדזשער פון דער יוניאן, וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג איז געווארען א באאמטער אין דער אינטערנעשאנאל לעידיס גארמענט ווארקערס יוניאן.

ווען מען דערמאנט זיך די באדינגונגען פון די אמאליגע ראפער און קימאנא מאכער, טשילדרען און הויז דרעס מאכער, מיט 25 יאהר צוריק ווען די יוניאנס זיינען ארגאניזירט געווארען אין 1913, מיט די באדינגונגען אונטער דעם אגרימענט וואס איז אונטערגעשריבען געווארען דאס יאהר. האבען די ארבייטער פון דעם טרעיד זיכער אורזאכען צו פרעהען זיך און שטאלצירען מיט זייער יוניאן. די וואך וואקעישאן מיט געצאלט, וואס יעדער מיטגליד פון דער יוניאן קריגט דורך דער יוניאן צו זי האט א שאפ אדער איז אויסער ארבייט, אונטער דעם איצטיגען אגרימענט טרעפט, דוכט זיך אן באלד אזוי פיל ווי אן ארבייטער פון דעם טרעיד פלעגט פארדינען אין א מאנאט שווערע ארבייט אונטער א ניין־און־פופציג שטונדען וואך אין 1913. עס איז זייער יוניאן וואס האט די פארבעסערונגען מעגליך געמאכט. און די ארבייטער פייערען מיט רעכט דעם זילבערנעם יובילעי פון יענעם געבורטס־טאג פון זייער יוניאן.

די אפיציעלע פייערונג וועט פארקומען דעם 19טען נאוועמבער, מיט א רייכען קאנצערט אין קארנעגי האל און מיט א מיטערנאכט באנקעט נאכ'ן קאנצערט אין פארק סענטראל האטעל. דער לאקאל גיט אויך ארויס א באזונדערס רייכען סאוועניר זשורנאל וואו די געשיכטע פון דעם לאקאל, זיינע קאמפען און דערגרייכונגען, אזוי גוט ווי די פארדינסטען פון זייער מענעדזשער, וויים־פרעזידענט גרינבערג און זיין ארבייט ווערען ארויסגעבראכט אויף א זעהר עפעקטיווען אופן. אין דעם זשורנאל זיינען אויך דא באגריסונגען פון אלע די, וואס האבען מיט גרינבער'ען צוזאמען געארבייט, געליטען און פרעהן זיך איצט מיט זייער —אונזער אלעמענס ערפאלג. די זשורנאלען וועלען אויסגעטיילט ווערען צו די אלע געסט וואס וועלען זיין ביי דער פייערונג. טיקעטס פאר'ן קאנצערט זיינען שוין צום פארקויפען אין אפיס פון לאקאל, 932 בראדוועי. צו מיטגלידער ווערען די טיקעטס פארקויפט פון 25 סענט ביז א דאלאר. זייטיגע מענשען דארפען צאלען געוויינליכע פרייזען, וואס מען רעכענט אין קארנעגי האל צו קאנצערטען. באשטעלונגען פאר טיקעטס דארפען אדרעסירט ווערען צו ברודער מאריס בערקאוויץ, טשערמאן פון דעם יובילייאום קאמיטעט.

## באסטאן ארבייטער יוניאן לאקאל 132 באנייט אגרימענט אין פלאסטיק טרייד

די באסטאן און נאוועלטי ארבייטער יוניאן, לאקאל 132 פון דער אינטערנעשאנאל האט באנייט דעם אגרימענט מיט דער „פלאסטיק מאנופעקטשורערס אסאסיעישאן” און האט געקראגען עטליכע פארבעסערונגען פאר די ארבייטער.

אן דער אסאסיעישאן זיינען אנגעשלאסען ארום פערציג מאנופעקטשורערס פון באטאנס, באקעלס און אנדערע באפוצונגען פאר פרויען קליידער געמאכט פון פלאסטישע מאטעריאלען. אין זייערע שעפער ווערען באשעפטיגט ארום פערצען הונדערט ארבייטער. ווען דער אגרימענט מיט דער אסאסיעישאן איז אויסגעגאנגען, האבען די מאנופעקטשורערס געפאדערט א פארלענגערונג פון דער ארבייטס וואך צו 44 שטונדען, א שניט פון צעהן פראצענט אויף די שכירות און אנדערע קאנצעסיעס. די יוניאן האט אויך ארויסגעשטעלט א רייע פאדערונגען פון העכערע שכירות, א מינימום סקעיל און א בעסערען קאנטראל אין די שעפער. נאך לאנגע פארהאנדלונגען, נאכגעפאלגט פון א סטרייק וואס האט געדויערט 4 טעג, איז דער אגרימענט געווארען באנייט אויף די זעלביגע באדינגונגען מיט פאלגענדע אויסבעסערונגען פאר די ארבייטער:

1) די בעלי־בתים פארפליכטען זיך צו דינגען נייע ארבייטער בלויז דורך דער ארבייטס ביורא וואס די יוניאן וועט איינשטעלען אין טרעיד.

2) קיין ארבייטסגעבער טאר ניט ארויסמופען דעם שאפ ווייטער ווי פינף סענט פעיר פון דעם פלאץ וואו ער געפינט זיך איצט, דורך דער צייט, וואס דער אגרימענט וועט זיין אין קראפט.

3) ווען אן ארבייטער ווערט גערופען אין שאפ, מוז מען איהם געבען ארבייט פאר וועניגסטענס פיר שטונדען אדער געצאלט פאר דער צייט.

4) עס ווערט איינגעשטעלט א געמישטע קאמיסיע פון פארטרעטער פון דער יוניאן און פון דער אסאסיעישאן, צו דריי פון יעדען צד, אויפצונעמען סכסוכים וואס וועלען אנטשטיין און זיי שליכטען.

די פארהאנדלונגען און דער סעטעלמענט איז געמאכט געווארען פון א קאמיסיע פון דער יוניאן אנגעפירט פון מענעדזשער פון לאקאל, מארטין פעלדמאן. פיר ניט־יוניאן שעפער זיינען אויך ארגאניזירט געווארען דורך דער צייט פון סטרייק.

## אין ניט־גודס לאקאל 155

דער ניט־גודס לאקאל 155 — באריכטעט מענעדזשער לואיס נעלסאן, האט דורך דעם מאנאט ארגאניזירט הונדערטע ארבייטער און געצוואונגען זייערע בעלי־בתים אונטערצושרייבען אגרימענטס מיט דער יוניאן. פאלגענדע פירמעס האבען געסעטעלט: סי. ענד עם, מילברוק, קעשמיר, לעווי ענד ראטענבערג, סעסאן, פענענט, הילקרעסט און ג. און מ.

נעלסאן האט אויך באריכטעט צו דער עקזעקו-

# וואס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאנאל

דורך דער פאראגאנגענעם מאנאט זיינען אונזערע יוניאנס געווען אזוי פארנומען מיט דעם פאליטישען קעמפעין, אז די פיהרער האבען געהאט ווייניג צייט צו לאזען אונז וויסען וועגען דער ארגאניזאציאנעלער ארבייט און די פאסירונגען אין זייערע יוניאנס דורך דער צייט. דערצו נאך איז די אינדוסטריעלע לאגע אין די פרויען קליידער טרעידס ניט געווען קיין איבעריגס גוטע דעם סעזאן. ווייניג ארבייט און די שוועריגקייטען וואס דאס ברענגט מיט זיך, האט געדריקט אויף אלע אונזערע ארגאניזאציעס. די יוניאנס האבען געמוזט זיין באזונדערס פארזיכטיג אין אונטערנעמען ארגאניזאציאנס קעמפעינס אויסצובריייטערען דעם יוניאן קאנטראל איז נייע שעפער. דאס מיינט אבער ניט אז די ארבייט אין די יוניאנס האט זיך אפגעשטעלט. די ארבייט האט בלויז גענומען אן אנדער ווענדונג, עס זיינען באנוצט געווארען אנדערע מעטאדען. דער קאמף אבער אנצוהאלטען אונזערע פאזיציעס און פארשטארקען זיי האלט אן.

## שטונדען־שכירות געזעץ אין קראפט: אינטערנעשאנעל אויף דער וואך

דער „פעיר לעיבאר סטענדערד עקט" לויט וועלכען עס וועלען באשטימט ווערען מאקסימום ארבייט שטונדען און מינימום שכירות פאר אלע ארבייטער אין לאנד, איז שוין אריין אין קראפט דעם 24טען אקטאבער. כאטש די פרויען קליידער אינדוסטריע ווערט דירעקט ווייניגער בארירט פון דעם געזעץ ווי די שוואך ארגאניזירטע טרעידס, ווייל די ווייט גרעסטע מעהרהייט פון אונזערע ארבייטער האבען העכערע „סטענדערדס ווי די וואס דער געזעץ קען באשטימען, זיינען אבער אונזערע יוניאנס שטארק פאראינטערעסירט אז די סטענדערדס וואס וועלען באשטימט ווערען פאר דער פרויען קליידער אינדוסטריע זאלען זיין אזוי הויך ווי מעגליך און אז דער צוזאמענשטעל פון דער קאמיסיע וואס וועט דארפען באשטימען די סטענדערדס זאל זיין אן ארבייטער פריינטליכע. מיר זיינען פאראינטערעסירט אין דעם איבער צוויי אורזאכען: ערשטענס, ווייל עס זיינען נאך אלץ פאראן א ביסעל סוועט־שעפער אין פארווארפענע ווינקלען פון לאנד, וואו די באדינגונגען זיינען נאך נידעריגער ווי די סטענדערדס וואס דער געזעץ קען איינשטעלען און פארבעסערען די באדינגונגען פון די ארבייטער אין די שעפער איז דער חוב און די אויפגאבע פון אונזער אינטערנעשאנאל. צווייטענס, ווייל פארבעסערענדיג די באדינגונגען אין די שעפער, וועט אפשוואכען זייער קאנקורענץ מיט די ארגאניזירטע שעפער פון די טרעידס און פון די פארוואנדטע טיילען פון דער אינדוסטריע, וועלכע ליידען איצט גאר שטארק פון זייער קאנקורענץ. קליין ווי די צאל פון אזוינע שעפער איז פארהעלטניסמעסיג צו דער גרויס פון דער אינדוסטריע שעדיגען זיי דאך. ווי זאגט מען? א קאץ קאן אויך קאליע מאכען. ספעציעל ליידען פון דער קאנקורענץ די ביליגע ליינס דרעסעס, קאטאן גארמענטס און די „מיסעליינאוס טרעידס". שטייט טאקע דעריבער די אינטערנעשאנאל אויף דער וואך און היט, אז די באסעס זאלען עפעס הינטען ארום ניט טאן.

מיר האבען שוין אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט" באשריבען דעם פארזוך פון דעם „אנדערוועיר אינסטיטוט", די ארגאניזאציע פון אונטערוועש מאנופעקטשורערס, איינצושליסען דעם טרעיד אין דער טעקסטיל אינדוסטריע אום צו קענען באשטימען נידעריגע סטענדערדס. די פראטעסטען אבער פון דער אינטערנעשאנאל און דער באזוך אין וואשינגטאן פון פרעזידענט דובינסקי, עקזעקוטיוו סעקרעטאר אמהעי און סעמיועל שאר, האבען דעם פארזוך צונישט געמאכט און די אונטערוועש איז פארבליבען אין דעם קליידער טרעיד, וואו עס געהערט. דעם מאנאט האט פרעזידענט דובינסקי צוזאמען מיט פרעזידענט הילמאן פון דער אמאלגאמייטעד זיך באטייליגט אין א לאנטשען קאנפערענץ מיט אדמיניסטראטאר פון דעם שטונדען־שכירות געזעץ, עלמער פ. ענדריוס וואו עס איז דיסקוסירט געווארען די פראגע פון דער באקליידונג אינדוסטריע. ווי עס ווייזט איצט אויס וועט באשטימט ווערען איין קאמיסיע פאר דער גאנצער קליידער אינדוסטריע. די קאמיסיע וועט אבער אייגעטיילט ווערען אין סאב־קאמיטעס פאר די פארשיידענע טרעידס און די אינטערנעשאנאל וועט זיכער היטען אז די סטענדערדס פאר די פרויען קליידער ארבייטער זאלען זיין אזוי הויך ווי דער געזעץ דערלאזט.

## גענעראל באארד וועט באשליסען וועגען באטייליגען זיך אין סי. אי. א. קאנווענשאן.

דער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד וואס האט געזאלט ערעפענט ווערען דעם 14טען נאוועמבער, וועט זיך פארזאמלען פיר טעג פריהער, דעם צענטען נאוועמבער, אין וואשינגטאן. די אורזאך איז ווייל דער מיטינג וועט דארפען באשליסען, אויב די אינטערנעשאנאל זאל זיך באטייליגען אין דער קאנווענשאן וואס די סי. אי. א. האט פאררופען פאר'ן 14טען נאוועמבער אין פיטסבורג. די שטעלונג פון דער אינטערנעשאנאל, ווי באוואוסט, איז פאר פרידען אין דער טרעיד יוניאן באוועגונג און געגען וועלכען ניט איז שריט וואס קען מעגליך פיהרען צו א פערמאנענטער שפאלטונג אין די אמעריקאנער יוניאנס. דאס ארגאניזירען זיך פון דער סי. אי. א. אויף א פערמאנענטען באזיס וואס איז די אבזיכט פון דער בעפארשטעהענדער קאנווענשאן, קען מעגליך פיהרען צו פארשארפען דעם קריג צווישען די צוויי טיילען פון די יוניאנס און די גענעראל באארד וועט דעריבער דארפען באשליסען ווי צו האנדלען.

די גענעראל עקזעקוטיוו וועט ביי דעם מיטינג אויסהערען א באריכט פון דער ספעציעלער קאמיטע וואס די לעצטע קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל האט באשטימט אונטערצוזוכען די מעגליכקייטען צו ברענגען פרידען אין דער אמעריקאנער טרעיד יוניאן באוועגונג. די קאמיטע וועלכע באשטייט פון די וויס־פרעזידענטען לואידזשי אנטאניני, דזשוליוס האכמאן און איזידאר נאגלער האבען זיך לעצטען מאנאט געטראפען מיט די פיהרער פון דער אמעריקאן פעדערעישאן או לעיבאר און דער סי. אי. א. ביי דעם קומענדען מיטינג פון דער גענעראל באארד וועלען זיי אפגעבען זייער באריכט.

## אין דער קלאוס דזשאינט באארד

די לעצטע צוויי וואכען אין סעפטעמבער און די ערשטע צוויי וואכען אין אקטאבער, האט די ניו יארקער קלאוק דזשאינט באארד דורכגעפירט דיסקוסיעס יעדען פרייטאג אוונד איבער טרעיד און ארגאניזאציאנעלע פראגען פון דער יוניאן אין וועלכע עס האבען אנטייל גענומען דער גאנצער סטעף פון דער דזשאינט באארד, די ביזנעס אגענטען און דעפארטמענט מענעדזשערס פון אלע אפטיילונגען און טעריטאריעס. דזשענעראל מענעדזשער איזידאר נאגלער האט די פארזאמלונגען גערופען און ער איז געווען פארזיצער ביי די דיסקוסיעס. געבענדיג דעם טאן די פארזאמלונגען האט נאגלער אנגעוויזען אז דער צוועק איז זיך דורכצורעדען אפענהארציג איבער דער לאגע און די איבלען פון וועלכע דער קלאוק טרעיד אין ניו יארק ליידט און זען וועלכע מיטלען עס קענען און דארפען אנגענומען ווערען צו פארבעסערען די לאגע. ביי די פארזאמלונגען איז דיסקוסירט געווארען פארשיידענע פארשלאגען פון די באאמטע ווי אזוי אפצושאפען דעם אונטערשייד אין באדינגונגען אין די פארשיידענע געגענדען. ביזנעס איידזשענטס האבען אנגעוויזען אויף

---

אדער קאנסערווירען אגריקולטורעלע אדער ארטיקולטורעלע פראדוקטען פארן מארק אדער ביים אויסארבעטען מילך פראדוקטען.

אויסגעשלאסען פון די פארשריפטען פון געזעץ זיינען אויך די פאלגענדע: אנגעשטעלטע אויף אייזענבאנען, מאטאר באסעס און טראקס, וועלכע ווערען רעגולירט פון דער אינטערסטעיט קאמערס קאמישאן: ארבייטער ביים באארבייטען מילך, סקימד מילך, סיראוועדקע אדער קרים; די וואס ארבייטען ביים דזשינען קאטאן און צוזאמענדריקען אין בעילס; אויסארבייטען צוקער בוריקעס, באנוויל־זוימען, ביים מאכען סיראפ פון צוקער בוריקעס, צוקער ראר אדער מעיפעל האניג און ארויסקריגען דערפון די סיראפ אדער רייהען צוקער.

### טיילווייזע אויסנאמען

דער געזעץ מאכט אן אויסנאמע פאר סעזאן אנגעשטעלטע, וועלכע ווערען ערלויבט צו ארבייטען ביז 12 שטונדען א טאג און 56 שטונדען א וואך פאר סיגנעל טיים ניט מעהר ווי פערצען וואכען אין יאהר. אן אויסנאם זיינען אזוינע באשעפטיגונגען ווי פאקען פרישע פרוכט און גרינצייג און שלאכטען עופות און בהמות וועלכע זיינען ניט באגרענעצט צו 14 וואכען, זיי מעגען ארבייטען די לענגערע שטונדען פאר סיגנעל טיים אזוי לאנג ווי דער סעזאן האלט אן.

א טיילווייזע אויסנאמע פון דעם שטונדען־געזעץ אין באצוג די מאקסימום צאל שטונדען וואס זיי מעגען ארבייטען א וואך ווערט געמאכט פאר אזוינע וואס ארבייטען אונטער אן אמת'ען קאלעקטיווען אפמאך, בתנאי אז זיי טארען ניט ארבייטען מער ווי 2,000 שטונדען א יאר.

דער געזעץ פארבאט צו מאכען אונטערשיידען אין די באדינגונגען לויט געגענדען אין וועלכע די פאבריקען אדער אונטערנעמונגען געפינען זיך. עס באפעלט אבער צו נעמען אין אכט די קאסטען פון פראכט, קאסטען פון לעבענס מיטלען, פראדוקציאנס קאסטען, עסטאבלירטע שכירות אין דעם געגענד און ענליכע פאקטארען.

אינדיווידועלע ערלויבעניש קען געגעבען ווערען צו ארבייטען פאר ווייניגער ווי דער מינימום סקעיל צו לערנער, אפרענטיסעס און קאליקעס.

די דורכפירונג פון דעם געזעץ ליגט אין די הענט פון דעם אדמיניסטראטאר פון שטונדען־שכירות געזעץ אין דעפארטמענט או לעיבאר. די אויפפאסונג וועגען קינדער ארבייט ווערט פארוואלטעט פון דער הויפט פון דער קינדער ביורא אין דעם דעפארטמענט קעטהערין פ. לענרוט.

### וועגען קינדער ארבייט

„קיין פראדוצירער — זאגט די אפיציעלע אויסטייטשונג פון געזעץ — פאבריקאנט אדער הענדלער, טאר ניט איבערשיקען אדער ברענגען צום איבערשיקען סחורה אין האנדעל צווישען שטאטען וואס איז פראדוצירט געווארען אין א פאבריק וואו עס איז באנוצט געווארען „אונטערדריקענדע" קינדער ארבייט פאר דרייסיג טעג נאכדעם ווי אזוינע סחורה איז ארויסגענומען געווארען פון פאבריק. אונטערדריקענדע קינדער ארבייט ווערט אזוי פארטייטשט:

1) דאס באשעפטיגען פון קינדער אונטער 16 יאהר אלט אין וועלכער עס איז באשעפטיגונג, אויסער קינדער צווישען 14 און 16 יאהר, וואס ווערען באשעפטיגט ניט ביים פראדוצירען אדער אויסגראבען און בלויז דאן ווען דער הויפט פון דער קינדער ביורא באשטימט, אז עס וועט ניט שטערען זייער לערנען, זייער געזונט און וואוילזיין.

2) דאס באשעפטיגען פון קינדער 16 אדער 17 יאהר אלט אין א באשעפטיגונג וואס דער הויפט פון דער קינדער ביורא האט דערקלערט אלס געפערליך אדער שעדליך פאר'ן געזונט און וואוילזיין פון די קינדער.

### אויסנאהמען ווערען געמאכט

אויסנאהמען זיינען: קינדער אקטיארען אין טעאטער און מאוויס; אזוינע וועמען די עלטערן אדער זייערע אויפהאלטער באנוצען ניט ביים פראדוצירען אדער אויסגראבען סחורות. קינדער וועלכע ווערען באשעפטיגט ביי ערד ארבייט אין דער צייט וואס זיי דארפען לויט דעם געזעץ ניט גיין אין סקול.

מענעדזשער פון דער דרעס אסאסיאיישאן פון פילאדעלפיע און אויב זיי וועלען זיך ניט קענען איינינען וועט עס איבערגיין צו ארביטרעישאן.

## אין דער סאוט־וועסט

מייער פערלשטיין, פארטרעטער פון דער אינטער־נעשאנאל אין דער סאוט־וועסט שרייבט:

„דער דרייוו צו ארגאניזירן די עטליכע הונדערט ארבייטער פון דער „מינעאפאליס ניטינג מילס" ווערט פארטגעזעצט מיט פולער ענערגי. די קאמפאני יו־ניאן וואס די פירמע האלט אויף מאכט די ארגאניזא־ציאנס ארבייט שווערער. אבער זי קאן דעם פלאץ פון אן אמת'ער יוניאן ניט פארנעמען. דער שאפ וועט איינגיכען יוניאניזירט ווערען."

עס געהען אן פארהערען פאר ארביטרעישאן אי־בער א העכערונג אין די שכירות פאר די סילק דרעס ארבייטער אין מינעאפאליס און סיינט פאול.

אין יוסטאן, טעקסאס, געהט איצט אן אן אר־גאניזאציאנס קעמפעין צו ארגאניזירען די אלטערעי־שאן ארבייטער אין די דעפארטמענט סטארס. די בא־דינגונגען אונטער וועלכע זיי ארבייטען זיינען שענד־ליכע. אין מאנכע סטארס קריגען די מיידלאך וואס ארבייטען אין אלטערעישאן דעפארטמענט 10—12 דא־לאר א וואך פאר 45 שעה ארבייט. א ספעציעלע אר־גאניזערין, מיס רות מארא איז באשטימט געווארען פאר דער ארבייט. א בריף איז געשיקט געווארען צו פאלי בראדערס דריי גודס קאמפאני אויפפאדערענדיג זיי צו א קאנפערענץ. אין דער סטאר זיינען די בא־דינגונגען די ערגסטע. אויב זיי וועלען זיך ענטזאגען וועט גערופען ווערען א סטרייק.

דאלאס, טעקסאס, איז די איינציגע באדייטענדע שטאט אין דעם סטעיט וואו די פרויען קליידער אר־בייטער זיינען ניט ארגאניזירט. די יוניאן קאנצענט־רירט זיך דעריבער איצט אויף דער שטאט, איינצו־שטעלען א פונקציאנירענדע ארגאניזאציע און צו פאר־בעסערען די באדינגונגען פון די ארבייטער. א ספע־ציעלער מיטינג איז געהאלטען געווארען דעם מאנאט פון דעם ריארגאניזירטען לאקאל 348, וואו עס זיי־נען באשטימט געווארען ציטווייליגע באאמטע און עס איז איינגעשטעלט געווארען א נייער אפיס מיט א סטעף ארגאנייזער און אן עדיוקעישאנאל דירעקטאר.

## אינטערנעשאנעל שטיצט די סאן פראנציסקא סטאר קלוירקס סטרייקערס

אויף אן אפיעל פאר שטיצע פון לאקאל 1100 פון די ...יטעיל קלוירקס אין די דעפארטמענט סטארס פון סאן ...ראנציסקא, וועלכע סטרייקען שוין איבער א מאנאט, ...אט פרעזידענט דובינסקי פון דער אינטערנעשאנאל ...עידיס גארמענט ווארקערס יוניאן אוועקגעשיקט טויזענט ...לאר אלס בייזשטייערונג פאר די סטרייקערס.

דער סטרייק אין 26 גרעסטע דעפארטמענט סטארס ...ין סאן פראנציסקא און זעקס פון זייערע ברענטשעס, איז ...יער א פארביטערטער. אלע פארזוכען פון לעיבאר דע־...ארטמענט און מעיאר ראססי צו פארמיטלען און סעטלען ...עם סטרייק, איז ניט געלונגען צוליב דער איינגעשפארט־...ייט פון די סטאר אייגענטימער, וועלכע זוכען דורכאויס ...ו ברעכען די יוניאן. דער הויפט קאמף ווערט געפירט ...רום די פאדערונגען פאר א יוניאן שאפ און סעניאריטי ...עכט. די יוניאן איז שוין איינגעגאנגען צו געבען די ...סטס דאס רעכט אנצושטעלען נייע ארבייטער אפילו ...ווינע וואס זיינען ניט קיין מיטגלידער פון דער יוניאן, ...תנאי אז זיי זאלען מוזען זיך אנשליסען אן דער יוניאן ...נאכדעם ווי זיי וועלען בלייבען ארבייטען אין סטאר ... באשטימטע צייט. אבער אויך די פשרה האבען די ...סטאר אייגענטימער צוריקגעוויזען. זיי פאדערען דורכ־...ויס אפען שאפ.

די סאן פראנציסקאער יוניאנס פון אנדערע טריידס ...עלפען די סטרייקער מיט אלע מעגליכקייטען. ווי דזשעני ...טיעס, אינטערנעשאנאל ארגאנייזער אין סאן פראנציס־...ו מעלדעט, האבען אלע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנ־...על אין סאן פראנציסקא באשלאסן ביי א פארזאמלונג

פון אלע עקזעקוטיוועס צו טעקסען די מיטגלידער מיט צוויי פראצענט פון זייערע שכירות וועכענטליך פאר די סטרייקער אזוי לאנג ווי דער קאמף וועט אנהאלטען.

# קלאוקמאכער וואס האבען ארויסגעגעבען יוניאן „אוואנגארד" גע־פונען שולדיג אין אנהאלטען א גרופע

די קאמיטע פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד, וועלכע האט גע'משפט ניין מעמבערס פון דער קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117, אויף די קלאגעס וואס דער דזשאינט באארד קלאוקמייקערס יוניאן האט געגען זיי געבראכט, אז זיי באלאנגען צו א גרופע וועלכע פאר־נעמט זיך מיט יוניאן פראגען, וואס עס איז פארבאטען לויט דער קאנסטיטוציע, האט לעצטענס ארויסגעגעבען איר אורטייל. די קאמיטע געפינט זיבען פון די ניין אנגעקלאגטע שולדיג און שפרעכט פריי די אנדערע צוויי, אויפ'ן גרונט, אז זיי האבען ניט געוואוסט אז דער „יו־ניאן אוואנגארד", וואו זיי האבען געשריבען ארטיקלען, איז דער ארגאן פון א גרופע. פון די זיבען, וואס זיינען געפונען געווארען שולדיג, איז י. קאץ, דער וואס האט זיך ערקלערט אלס רעדאקטאר און ארויסגעבער פון דער ציישונג, סוספענדירט געווארען פון דער יוניאן, מיט דעם רעכט רעאינסטייטעט צו ווערען נאך איין יאר צייט. די קאמיטע זאגט אבער אויסדריקליך, אז ער האט דאס רעכט צו פארבלייבען אויפ'ן דזשאב אין שאפ, וואו ער ארבייט אדער ארבייטען אין וועלכען עס איז אנדערען יוניאן שאפ אין טרייד. די אנדערע זעקס ווערען געטא־דעלט פאר זייער האנדלונג און געווארענט, אז אויב זיי וועלען אנהאלטען די זעלבע טעטיגקייט אין דער צוקונפט, וועלען זיי שווער באשטראפט ווערען. די קאמיטע זאגט אין איר ענטשיידונג:

„דעם 8טען סעפטעמבער האט די קאמיטע אי־בער קלובען און גרופען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד ערהאלטען א קלאגע פון דער קלאוק דזשאינט באארד און פון סעם רודין געגען די מיטגלידער י. קאץ, ה. אידלאנד, הימאן ליבאו, ס. ראטמאן, לואיס פארבער, וויליאם ספארען, ה. מאלין, ל. קלאץ און ל. ניקעלסבערג, פאר איבערטרעטען ארטיקעל 8 סעקשאן 16 פון דער אינטערנעשאנעל קאנסטיטוציע. די באשלוסען פון דער קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי און די באשלוסען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, וואס זיינען אנגענומען גע־ווארען ביי די זיצונגען אין יוני און נאוועמבער 1937 און אין מאי 1938, דערמיט וואס זיי האבען באלד נאכ־דעם ווי דער באשלוס פון דער קאנווענשאן געגען גרופען איז פארעפענטליכט געווארען, זיך ארגאניזירט און זיך באטייליגט אין טעטיגקייטען פון א גרופע, פארברעכענדיג דערמיט געגען דער קאנסטיטוציע. זיי זיינען ספעציעל באשולדיגט געווארען אין דעם פארברעכען, אז זיי האבען אקטיוו אונטערשטיצט א גרופע אדער ארגאניזאציע, אוי־סערהאלב די ראמען פון דער אינטערנעשאנעל, דורך וועלכער זיי האבען געזוכט צו פארמירען און באאיינפלו־סען די פאליסיס און האנדלונגען פון דער אינטערנע־שאנעל, דער קלאוק דזשאינט באארד און דעם לאקאל 117 און צו איבערנעמען אדער שטערען די פונקציעס פון דער יוניאן. זיי זיינען אויך באשולדיגט געווארען, אז פאר'ן צוועק אנצופירען זייער אומגעזעצליכע טעטיג־קייט, האבען זיי פארעפענטליכט, געדרוקט און פאנאנדער־געטיילט א צייטשריפט אין אידיש אונטער'ן נאמען „יו־ניאן אוואנגארד", וועלכער האט זיך אפגעגעבען אויס־שליסליך מיט דיסקוטירען יוניאן אנגעלעגענהייטען, מיט'ן צוועק צו פארמירען פאליסיס און באאיינפלוסען האנד־לונגען פון דער אינטערנעשאנעל.

זיי זיינען אויך אנגעקלאגט געווארען אין איבערטרע־טען ארטיקעל 10 סעקשאן 5 פון דער קאנסטיטוציע, דורך דרוקען און פארשפרייטען אין דער אויסגאבע פון אויגוסט פארלוימדערישע און ארונטעררייסענדע סטייט־מענטס וועגען דער קלאוק דזשאינט באארד און אירע בעאמטע.

נאך דעם ווי די קאמיטע האט גערופען און אויס־געהערט אלע באשולדיגונגען, עדות און באווייזען, וואס זיינען איר צוגעשטעלט געווארען, איז פעסטגעשטעלט גע־ווארען צו דער צופרידענהייט פון דער קאמיטע, אז אלע אנגעקלאגטע, מיט דער אויסנאם פון א. מאלין און ש. ני־קעלסבערג, זיינען שולדיג ווי אנגעקלאגט, דערמיט וואס זיי האבען זיך פאראייניגט צו פינאנסירען, ארויסגעבען און פארשפרייטען א צייטשריפט, וועלכע זאל זיך אפגעבען אויסשליסליך מיט אינערליכע יוניאן אנגעלעגענהייטען. כאטש ביים פארהער האט י. קאץ גענומען אויף זיך פולע פאראנטווארטליכקייט פאר ארויסגעבען און רעדאגירען דעם „יוניאן אוואנגארד", איז געווען גענוג באווייז, אז ער האט געהאט די הילף און שטיצע פון אידענלאנד און ראטמאן, איידער די ציישונג איז ערשינען; אז זיי הא־בען אלע געהאלפען שאפען געלט פאר דער ציישונג; אז זיי האבען אליין בייגעשטייערט געלט און האבען געהאל־פען ארויסגעבען סטעמפס צו שאפען געלט און האבען געשריבען ארטיקלען אין דער שריפט און אויף פארשי־דענע אופנים געהאלפען ארויסגעבען, פארשפרייטען און פאנאנדערטיילען די ציישונג.

די קאמיטע וויזט צוריק די טענה, אז אום צו פארשטעלען מיט זיך א גרופע, איז נויטיג צו באווייזען, אז זיי האבען געהאלטען מיטינגען. עס איז די מיינונג פון דער קאמיטע, אז דאס פאראייניגען זיך פון צוויי אדער מעהר מיטגלידער מיט דעם צוועק צו אויסארבייטען פא־ליסיס אדער בעאיינפלוסען די האנדלונגען פון די מיט־גלידער פון דער יוניאן, אויסערהאלב די ראמען פון דער יוניאן אליין, צו דאס ווערט געטאן דורך פארזאמלונגען אדער דורך שריפטען און ליפלעטס, איז איינגעשלאסען אין דעם פארבאט פון ארטיקעל 8 סעקשאן 16 פון דער אינטערנעשאנעל קאנסטיטוציע וועלכע לייענט זיך: „קיין לאקאל יוניאן, דזשאינט באארד, מיטגלידער אדער גרו־פען מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל זאלען ארגא־ניזירען גרופען אדער קלובען אין דער יוניאן אדער אויסערהאלב דער יוניאן". וואס איז נאך מעהר, די טאטען, אין וועלכע די מיטגלידער ווערען אנגעקלאגט, ווערען ספעציעל געדעקט דורך דעם באשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד אין מינעאפאליס, וואס זי האט געמאכט אונטער דער אויטאריטעט וואס די קאנ־ווענשאן האט איר געגעבען, וועלכע לויטעט: „גרופען טעטיגקייטען וואס זיינען פארבאטען פון דער קאנווענ־שאן זיינען פונקט אזוי אומגעזעצליך ווען זיי ווערען דורכגעפירט אונטער דער מאסקע פון א פאליטישער פארטיי אפטיילונג אדער וועלכע עס איז אנדער פארמע און מיטגלידער וואס באטייליגען זיך אדער שטיצען און העלפען אין אנפירען אזא טעטיגקייט, זאלען גערופען ווע־רען צו פאראנטווארטליכקייט לויט די פארשריפטען פון דער קאנסטיטוציע. דער באשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיווע איז ארויסגעשיקט געווארען צו אלע לאקאל יוניאנס און דזשאינט באארדס און איז געלייענט געווא־רען ביי די מיטינגען פון די לאקאלס, איינגעשלאסען לאקאל 117.

די קאמיטע באשליסט דעריבער: וואס אנבאלאנגט די קלאגען פאר באשמוצען און פארלוימדען די דזשאינט באארד און בעאמטע, אונטער ארטיקעל 10 סעקשאן 5 פון דער קאנסטיטוציע, האט די קאמיטע ניט קיין יוריס־דיקציע איבער דעם. די קלאגען דארפען געבראכט ווע־רען צו די געהעריגע קערפערשאפטען.

וואס אנבאלאנגט א. מאלין און ס. ניקעלסבערג, גע־פינט די קאמיטע, אז כאטש זיי האבען בייגעטראגען אר־טיקלען וועלכע זיינען געדרוקט געווארען אין „יוניאן אוואנגארד", האבען זיי אבער ניט געוואוסט אז דאס איז דער ארגאן פון א גרופע און די קלאגעס געגען זיי ווערען צוריקגעוויזען. זיי זאלען אבער געווארענט ווע־רען, אז די צייטשריפט ווערט ארויסגעגעבען אין איבער־טרעטונג פון דעם פארבאט פון דער קאנסטיטוציע געגען קלובען און גרופען, און אויב זיי וועלען ווייטער אנטייל נעמען, וועלען זיי שווער באשטראפט ווערען.

די אנדערע מיטגלידער געפינען מיר שולדיג אין איבערטרעטען ארטיקעל 8 סעקשאן 16 פון דער אינ־טערנעשאנעל קאנסטיטוציע, ווי באשולדיגט און לייגען ארויף די פאלגענדע שראפען:

י. קאץ ווערט סוספענדירט פון דער יוניאן מיט דאס רעכט צו ווענדען זיך פאר רעאינסטייטמענט מיט אלע רעכטען איין (1) יאר נאכדעם ווען ער וועט באווייזען, אז ער האט דורך דער צייט זיך ניט פארנומען מיט טע־טיגקייטען וועלכע זיינען פארבאטען אדער פארווערט דורך דער קאנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאנעל. זיין סוספענדירונג זאל אים אבער ניט שטערען ווייטער אר־בייטען אין זיין איצטיגען שאפ אדער פון קריגען דאס רעכט צו ארבייטען אין וועלכען עס איז אנדער שאפ אונ־טער דער יוריסדיקציע פון דער יוניאן.

די אנדערע מיטגלידער, ליבאוו, ראטמאן, אידענ־לאנד, פארבער, ספארען און קלאץ ווערען שטרענג גע־טאדעלט פאר זייער טעטיגקייט און זיי ווערען געווארענט, אז זייער ווייטערע באטייליגונג אין די טעטיגקייטען, אין וועלכע זיי זיינען אנגעקלאגט, וועט ברענגען דערצו אז זיי וועלען פיל שטרענגער באשטראפט ווערען, אין איינ־קלאנג מיט די פארשריפטען פון דער קאנסטיטוציע.

טיוו באַרד וועגן דעם פאַרזוך פון דער „קאַנסאָלידייטעד טרימינג קאָרפּאָריישאַן" צו אָרגאַניזירן אַ קאָמפּאַני יוניאָן. די פירמע וועלכע באַשעפטיגט אַרום 500 אַרבייטער האָט פאַר דעם צוועק גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון איהרע אַרבייטער אין איינעם פון די גרעסטע האָלס אין שטאָט. געקומען זיינען בלויז 35 פון וועלכע אייניגע זיינען געווען די אַגענטען פון די באָסעס. עמיל דזש. דע לעאָ, ביזנעס אַגענט פון דער יוניאָן, איז אַהין געקומען און געבעטען די ערלויבעניש פאַרצולייגען פאַר די אַרבייטער די פּראָגראַם פון דער ניט־גודס אַרבייטער יוניאָן און זיי ערקלערען די אמת'ע אורזאַכען פאַר וואָס די בעלי־בתים האָבען גערופען דעם מיטינג. דער מיטינג איז געווען אַ גרויסער דורכפאַל. די אַרבייטער פון דער קאָנסאָלידייטעד ווילען ניט קיין קאָמפּאַני יוניאָן.

ביי אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון לאָקאַל איז דיסקוסירט און גוט געהייסען געוואָרען דער אָרגאַניזאַציאָנס באַריכט. עס האָבען דעם מיטינג אַדרעסירט די קאַנדידאַטען פון דער אַמעריקאַן לייבאָר פּאַרטי, סעמיועל נאַלל, קאַנדידאַט פאַר'ן סטעיט סופּרים קאָורט, וועלכער איז דער לאָיער פון דער יוניאָן און דאָראָטהי בעלאַנקאַ, קאָנגרעס קאַנדידאַט פון קינגס קאָונטי.

דער הויפּט־פּונקט פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען ווען איטאַליענישע אַרבייטער, מיטגלידער פון לאָקאַל 155, האָבען גערעדט און אָנגעוויזען אויף דער געפאַר פון די לעצטע פאַרזוכען פון היטלער און מוסאָליני אַריינצוברענגען רייסערייען אין די אַרבייטער רייען דורך אויפהעצען שנאה צווישען איטאַליענישע און אידישע אַרבייטער. זיי האָבען אָנגעוויזען אַז עס איז געווען די פאַראייניגטע טעטיגקייט פון די אידישע און איטאַליענישע אַרבייטער אויף די פּיקעט ליינס וואָס האָבען פאַרבעסערט אַלעמענס באַדינגונגען.

די רעדנער האָבען פאַרזיכערט, אַז לאַנג נאָכדעם ווי די מוסאָליניס און היטלערס וועלען פאַרגעסען ווערען, וועלען די אידישע און איטאַליענישע אַרבייטער נאָך אַלץ קעמפען האַנט אין האַנט און קיינער וועט ניט קענען שפּאַלטען די אַרבייטער באַוועגונג אויף ראַסען אישוס.

די מיטגלידער פאַרזאַמלונג האָט גוט געהייסען די נייע לאָאַס פון לאָקאַל, וועלכע פאַראייניגען אַלע אַרבייטער אין די ניטינג מילס אין איין לאָקאַל פון אונזער אינטערנעשאַנאַל. ביז איצט זיינען די אַרבייטער געווען צעטיילט אין צוויי לאָקאַלס און האָבען באַלאַנגט צו צוויי באַזונדערע אינטערנעשאַנאַלס. זינט אָבער דער פאַרשטענדיגונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען צווישען דער טעקסטיל וואָרקערס אָרגאַנייזינג קאָמיטע מיט אונזער אינטערנעשאַנאַל איבערגעבענדיג פולע יוריסדיקציע איבער די געשטריקטע פרוין קליידער צו דער אינטערנעשאַנאַל, זיינען איצט ביידע פאַראייניגט אין איין לאָקאַל — די ניט־גודס אַרבייטער לאָקאַל 155 פון דער אינטערנעשאַנאַל. דער דזשאָינט קאָונסיל וואָס איז פריהער געווען איז אָפּגעשאַפט געוואָרען און ביידע עקזעקוטיווס זיינען פאַראייניגט ביז צו דער נעכסטער עלעקשאָן, ווען איין עקזעקוטיוו וועט ערווילט ווערען מיט פאַרטרעטער פון אַלע פאַכען אין די ניט־גודס טרייד.

דער עדיוקיישאָנאַל דירעקטאָר פון לאָקאַל, ברודער פיל העלער, האָט באַריכטעט, אַז דער לאָקאַל פירט איצט אָן פאַרשידענע קלאַסען, פאָרומס, מאַנדאָלין גרופּען און בעסקעט באָל טיעם. עס איז אויך איצט איינגעשטעלט געוואָרען אַ ביבליאָטעק אין די העדקוואָדערס פון דער יוניאָן, וואו די אַרבייטסלאָזע מיטגלידער קענען קומען לייענען גוטע ביכער און די וואָס אַרבייטען קענען אַרויסנעמען ביכער אַ היים צום לייענען.

דער מיטינג האָט גוטגעהייסען די שטעלונג פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד פון דער אינטערנעשאַנאַל צו דעם קאַמף אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג און באַטאָנט אַז אַלעס מוז געטאָן ווערען צו דערגרייכען אייניגקייט אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

נעלסאָן האָט באַריכטעט, אַז די ניט גודס יוניאָן האָט לעצטענס באַוואָרנט מיט פּלעצער אַ צאָל דייטשע און עסטרייכישע פליכטלינגע אויף דעם פאַרלאַנג פון אָרגאַניזאַציעס וואָס פאַרטרעטען זיי.

די אינדוסטריעלע לאַגע אין ניט גודס טרייד פאַרבעסערט זיך איבערן גאַנצן לאַנד און אויב דאָס [illegible] וועט דער טרייד אָרגאַניזירט ווערען [illegible].

# אין איסטערן אוט־אָו־טאַון דעפּאַרטמענט

וויס־פּרעזידענט הערי וואַנדער, מענעדזשער פון איסטערן אוט אָו טאַון דעפּאַרטמענט דערצעהלט וועגן אַ געוויסען נייעם סקים פון מאַנכע טשיזלערס אין דרעס טרעיד אין די אוט אָו טאַון שעפּער. אַרויסצורופען חשד און אומצוטרוי צווישען די אַרבייטער. זיי האָבען אָנגעהויבען פאַרשפּרייטען קלאַנגען, אַז די דזשאָינט באָאַרד דענקט צו בייטען איהר שטעלונג צו די אוט אָו טאַון שעפּער און וועט זוכען אין דעם נייעם אַגרימענט אָוועקצונעמען ביי זיי די אַרבייט. ווי וואַנדער דערקלערט שטאַמען די קלאַנגען פון די עטליכע טשיזלערס, וועלכע די דזשאָינט באָאַרד האָט אונטערזוכט און האָט אויסגעפינען אַז זיי האָבען פאַרבראָכען געגען דעם אַגרימענט דורך צאָלען די אַרבייטער ווייניגער ווי עס האָט זיי געקומט. נאַטירליך איז עס בלויז אויסגעטראַכט פון די באָסעס אום צו קאָנען פּועל'ן ביי די אַרבייטער אַרונטערצולאָזען פון די פּרייזען.

דער אוט אָו טאַון דעפּאַרטמענט האָט דעם מאָנאַט באַנייט די אַגרימענטס מיט די פאָלגענדע שעפּער: די „נאָרא ליע לינדזשערי קאָמפּאַני" פון גרענוויל, ניו יאָרק, וועלכע באַשעפטיגט 45 אַרבייטער און מיט דער „ברוקסייד מאַנופעקטשורינג קאָ." פון טשאַטהאַם, נ. י., וועלכע באַשעפטיגט הונדערט אַרבייטער. אין ביידע אַגרימענטס האָבען די אַרבייטער געקראָגען פאַרבעסערונגען.

די צען אַרבייטער פון דער „האָסטעס דרעס קאָמפּאַני" פון היקסוויל, לאָנג איילאַנד, וועלכע דער באָס האָט אַרויסגעוואָרפען פון דער אַרבייט דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן, האָבען צוריקגעקראָגען זייערע פּלעצער דורך אַן ענטשיידונג פון דער נעשאַנאַל לייבאָר רילעישאָנס באָאַרד אויף דער רעקאָמענדאַציע פון טרייאַל עקזאַמינער קראָמוועל. דער זיג האָט פיל פאַרבעסערט אונזערע אָרגאַניזאַציאָנס מעגליכקייטען אין יענער שטאָט.

## פאַרהאַנדלונגען מיט האַרטפאָרד פירמע אָפּגעבראָכען.

די פאַרהאַנדלונגען וואָס דער אוט אָו טאַון דעפּאַרטמענט האָט אָנגעפירט מיט דער „קאָלאָדני דרעס קאָמפּאַני" פון האַרטפאָרד, קאָנעטיקוט, איז אָפּגעבראָכען געוואָרען. די פירער פון דער יוניאָן וועלכע האָבען געפירט די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פירמע זיינען איצט איבערצייגט, אַז בלויז אַ סטרייק וועט ברענגען דער פירמע אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט און נאָכגעבען יוניאָן באַדינגונגען.

אין דער צייט וואָס די פירמע האָט געזוכט איינצורעדען אַז זי וויל פאַרהאַנדלען און קומען צו אַן אויסגלייך, האָט זי ביים לעצטען קאָנפערענץ וואָס זי האָט געהאַט מיט'ן אָרגאַנייזער בערנאַרד שוב אַרויסגעשטעלט אַ רייע פאָדערונגען וואָס האָט פּאַקטיש געוואָלט לעגאַליזירען איהר ניט יוניאָן שאַפּ. שוב האָט נאַטירליך גלייך צוריקגעוויזען זיינע פאָדערונגען און די יוניאָן מאַכט פאַרבאַרייטונגען אַרונטערצונעמען דעם שאַפּ אין סטרייק ווען די פּאַסיגע צייט וועט קומען.

דעם 20טען אָקטאָבער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון לאָקאַל אין האַרטפאָרד, וואו די פראַגע פון אָפּהיטען די יוניאָן סטענדערדס איז אויפגענומען געוואָרען.

## צוויי סטרייקס אין לאָנג איילענד מאַכט באָסעס ווייכער.

דזשעק גראָסמאַן, מענעדזשער פון די לאָנג איילאַנד לאָקאַלס באַריכטעט צו וויס־פּרעזידענט וואַנדער, וועגען צוויי קורצע סטרייקס וואָס זיינען געוואונען געוואָרען.

די „פּעפּ מעיד דרעס קאָ." פון קאָראָנאַ, לאָנג איילאַנד, האָט געוואָלט בייטען די סיסטעם אין שאַפּ פון שטיק אויף וואָך אַרבייט, טראָץ דעם וואָס די יוניאָן האָט עס ניט ערלויבט. די אַרבייטער האָבען געענטפערט מיט אַ סטרייק און זיינען אַרויסגעגאַנגען הונדערט פּראָצענט. נאָך דריי טעג סטרייקען איז דער באָס קליגער געוואָרען און האָט אויפגעגעבען דעם פאַרזוך. די „בעל דרעס קאָמפּאַני", אויך פון קאָראָנאַ, האָט זיך פאַרוואָלט שניידען שכירות. די אַרבייטער

האָבען געענטפערט מיט אַ סטרייק און נאָך איין וואָך סטרייקען האָט דער באָס אויפגעגעבען דעם פּלאַן און האָט צוריק אָנגעהויבען אַרבייטען אויף די אַלטע סקעילס.

# אין קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט

וויס־פּרעזידענט עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט באַריכטעט, אַז אַ קאָנפערענץ מיט דער פירמע „דאַטשעס אַנדערגאַרמענט קאָמפּאַני" פון וואַלי פאָרדזש פּענסילוועניע וועט געהאַלטען ווערען דעם צווייטען נאָוועמבער.

די געשיכטע מיט דער פירמע איז זייער אַן אינטערעסאַנטע כאָטש ניט קיין אויסערגעוועהנליכע. די דאַטשעס דרעס האָט דעם שאַפּ געעפענט מיט עטליכע יאָר צוריק אין צייט וואָס די מיינס פון וועלכע די אַרבייטער באַפעלקערונג אין דעם געגענד מאַכט אַ לעבען האָבען זיך געשלאָסען און די מענשען האָבען זיך זייער גענויטיגט אין אַרבייט אום צו קענען ווי עס איז דורכלעבען. דער שאַפּ איז פאַר זיי געווען ווי אַרונטערגעפאַלען פון הימעל. דערצו נאָך איז דער באָס געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ פריינדליכער, ער האָט אפילו געוואָלט מאַכען די אַרבייטער פאַר שותפים צום געשעפט און געבען זיי אַ חלק אין די צוקונפטיגע פּראָפיטען... ער האָט זיי נעמליך פאָרגעלייגט צו קויפען באָנדס פון דער פירמע. די אַרבייטער האָבען גערן צוזאַמענגעקראַצט די לעצטע פּאָר סענט, זיך פאַרבאָרגט און פאַרשולדיגט און געקויפט באָנדס און געקראָגען דזשאָבס.

ווייזט אויס אָבער, אַז פון די ווידזשעס וואָס זיי האָבען געקראָגען צוזאַמען מיט דעם איינקונפט פון די באָנדס, האָבען זיי נאָך אַלץ קיין לעבען ניט געמאַכט און זיי האָבען זיך געווענדט צו דער אינטערנעשאַנאַל זי זאָל זיי אָרגאַניזירען. מיטינגס מיט די אַרבייטער זיינען געהאַלטען געוואָרען און אַלס אַ רעזולטאַט האָט די פירמע צוגעשטימט צו פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן. דער קאָנפערענץ ווי געזאָגט וועט געהאַלטען ווערען דעם צווייטען נאָוועמבער. די פירמע באַשעפטיגט זעקס הונדערט אַרבייטער.

## גרויסער דרעס שאַפּ געסעטעלט.

דער קאָטאָן דרעס דעפּאַרטמענט האָט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט סעם סיגעל, אַ סילק דרעס שאַפּ וואו עס אַרבייטען הונדערט אַרבייטער אין ניו פילאַדעלפיע פּענסילוועניע, ניו פילאַדעלפיע געפינט זיך אויך אין דעם קוילען דיסטריקט ניט ווייט פון פּאָטסוויל. די אַרבייטער האָבען דאָרט געאַרבייט אונטער נידעריגע געהאַלטען. דער שאַפּ מאַכט אַ מיטעלע לייַן אַרבייט. דער אַגרימענט איז געשלאָסען געוואָרען פון עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאָטאָן גאַרמענט דעפּאַרטמענט און מעקס מאָסקאָוויץ, אַסיסטענט מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד. די אַרבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג פון צוויי און דריי דאָלאַר אַ וואָך אויף די שכירות און עס איז איינגעשטימט, אַז אָנפאַנג פעברואַר דאַרפען זיי פאַרהאַנדלען וועגען אַ ווייטערע העכערונג. די אַרבייטער קריגען דאָרט איצט פון 15 ביז 22 דאָלאַר אַ וואָך. מייק דזשאָנסאָן האָט דעם שאַפּ אָרגאַניזירט.

## קאָטאָן דרעס שאַפּ אין דעלעווער געסעטעלט.

די באָומזי דרעס קאָמפּאַני פון לאָועל דעלעווער, האָט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער יוניאָן. די פירמע באַשעפטיגט הונדערט אַרבייטער אויף קאָטאָן דרעסעס. דעלעווער האָט זיך אַלע מאָל גערעכענט פאַר אַן אַנטי יוניאָן פעסטונג. איז דאָך עס עפּעס אין דער מלוכה פון די דיופּאָנטס. דערפאַר טאַקע האָט דער סטייט אַזאַ אָנציהונג פאַר בעלי בתים, וואָס גלייכען ניט קיין יוניאָנס. די פירמע האָט טאַקע גלייך ווי זי האָט דערזען די ערשטע סימנים, אַז די אַרבייטער הויבען זיך אָן אָרגאַניזירען, אָוועקגעשיקט אַן אַרבייטערין. די יוניאָן האָט די פירמע פאַרקלאָגט פאַר דער לעיבאָר באָאַרד און העריי שאַפּיראָ, דער לאָיער פון דער דרעס אַסאָסיאיישאָן פון פילאַדעלפיע איז באַשטימט געוואָרען אַלס פאַרמיטלער. דער אַגרימענט איז אונטערגעשריבען געוואָרען דעם 15־טען אָקטאָבער. די פראַגע פון שכירות האָט אויסגעפּאָרשט ווערען פון רייזבערג און אַב. פילוסאָף

# אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין טרייד

פון לואיס לאַנגער
סעקרעטער ניו יאָרק דזשאָינט באָאַרד קלאָוק מאַכער יוניאָן.

דער לאַנג־ערוואַרטעטער קלאָוק פּראָדזשעקט האָט שוין קוים מיט צרות אָנגעפאַנגען אַרבייטען. ווען מיר שרייבען דעם באַריכט, האָט מען פאַרלויפיג אָנגעהויבען באַשעפטיגען דעם ערשטען שיפט אַרבייטער, די קאַטערס, אָפּערייטאָרס, פּרעסערס, פינישערס און עקזאַמינערס.

ווען דער קאָלום וועט ערשיינען, וועט מען שוין האָבען פילייכט אריינגערופען דעם צווייטען און אויך מעגליך דעם דריטען שיפט אַרבייטער. דער פּראָדזשעקט ווערט ערוואַרטעט צו אַרבייטען אין דריי שיפטס.

אויב דער יוניאָן האָט זיך געלוינט צו פאַרלאַנגען אַז אַזאַ פּראָדזשעקט פון קלאָוקס זאָל איינגעשטעלט ווערען — וועגען דעם קענען מיר נאָך פאַרלויפיג ניט רעדען. מיר וועלען וועגען דעם האָבען עפּעס צו זאָגען אין דער נעקסטער „גערעכטיגקייט". אין דעם איצטיגען נומער ווילען מיר בלויז באַקענען אונזערע מעמבערס מיט די אורזאַכען, איבער וועלכע דער פּראָדזשעקט האָט זיך אַזוי לאַנג פאַרצויגען, פאַרוואָס עס האָט ניט אָנגעפאַנגען אַרבייטען גלייך ווען עס איז באַשטימט געוואָרען.

דער גאַנצער פּראָדזשעקט איז אַ געשעפט פאַרפלאָנטערט מיט „רעד טעיפּ", ווי מען זאָגט אין ענגליש, און אָפּגעהיט זאָל מען ווערען אַז קלאָוקמאַכער זאָלען דאַרפען אויסקוקען צו מאַכען אַ לעבען פון אַזעלכע פּראָדזשעקטס. מען קען עס פאַרגלייכען צו אַ באַלעבאָסטע, אַ שלים־מזל'ניצע, וואָס האָט זיך געקליבען צו באַקען אַ קעיק. האָט זי געהאַט מעהל, האָט איר אויסגעפעלט זאַלץ; האָט זי שוין געקראָגען זאַלץ, האָט איר אויסגעפעלט אַנדערע געווירצען צו מאַכען דעם קעיק געשמאַק; האָט זי שוין געקראָגען די געווירצען איז דער אויווען קאַליע געוואָרען און דער קעיק האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

וואָלטען אַזעלכע פּראָדזשעקטס געפירט געוואָרען פון פאַך־לייט, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. ווערט עס אָבער געפירט פון מענשען וואָס האָבען ניט קיין אַהנונג ווי אָנצופאַנגען פאַרקנעטען דעם טייג.

דער פּראָדזשעקט האָט נאָך געדאַרפט אָנפאַנגען אַרבייטען אַרום אויגוסט. האָט ער קוים מיט צרות אָנגעפאַנגען אַרבייטען אין אָקטאָבער. און וואָלטען מיר ניט געווען געלאָפען און געטומעלט וואָלט עס אין אָקטאָבער נאָך אויך ניט געאַרבייט, און די פרויען, פאַר וועמען מען דאַרף אויפמאַכען די קאָוטס, וואָלטען דעם ווינטער אַרומגעגאַנגען נאַקעט.

ווער איז פאַראַנטוואָרטליך וואָרום דער פּראָדזשעקט איז אַזוי פאַרצויגען געוואָרען? איידער מיר גיבען אַן ענטפער אויף דער פראַגע, ווילען מיר ערקלערען ווער עס זיינען די שותפים צו דעם פּראָדזשעקט און ווער עס גיט די געלט פאַר דעם.

די געלט (מ'שטיינס געזאָגט) וואָס מען צאָלט די אָנגעשטעלטע, וועלכע אַרבייטען דערביי, קומט פון דער פעדעראַלער רעגירונג. די געלט פאַר די וואָרעס אָבער, פון וועלכע מען דאַרף אויפמאַכען די קאָוטס, קומט פון דער שטאַטישער רעגירונג, זי גיט די וואָרעס. האָט זי געהאַלטען אין געבען שטאָף, נאָר ווען עס איז געקומען צו אַרבייטען, זיינען קיין סחורות ניט געווען; די וואָרע איז אייגענטליך יאָ געווען, נאָר די שטאַט האָט געקויפט אַזעלכע סחורה אַז די פרויען וואָלטען געווען געהאַט נייע קאָוטס מיט אַלטע לעכער. איר וועט לאַכען — ווי איז דאָס מעגליך צו האָבען נייע קאָוטס מיט אַלטע לעכער? אונזער שטאַט רעגירונג, וועלכע האָט געדאַרפט צושטעלען די וואָרעס, האָט אַנשטאָט צו קויפען די וואָרעס פון די מילס, דאָס געקויפט פון איניגע קלאָוק מאַנופעקטשורערס. די שטאַט פאַרוואַלטונג האָט געהאַלטען, אַז אַנשטאָט אַרויסצושיקען די געלט אויסערן שטאַט, האָט זי גיכער באַשלאָסען אַז די שטאַטישע געלט זאָל בלייבען דאָ, אַזוי לאַנג ווי זי וועט קריגען די סחורה פאַר דעם זעלבען פּרייז. נו, האָט זי געקויפט די וואָרעס פון איניגע מאַנופעקטשורערס און יענע האָבען דער שטאַט פאַרקויפט אַלטע און פאַרלעגענע סחורה. ווי אַזוי די שטאַט רעגירונג האָט זיך געכאַפּט, אַז די שטאָף איז לעכערדיג און דורכגעפרעסען מיט מאָיל, איז ניט אונזער זאַך, און עס איז ניט וויכטיג דאָ איבערצוגעבען. דער פאַקט בלייבט, אַז די שטאַט רעגירונג האָט די פאַרקויפערס געכאַפּט ביי דער האַנט און זי האָט די לעכערדיגע סחורה צוריקגעשיקט. דאָס קויפען און אויסבייטען האָט פאַרנומען זעהר פיל צייט. ביי פּאַבליט צו קויפען וואָרעס און זיי צוריקשיקען איז אַ גאַנץ איינפאַכער פּראָצעס, און ניט קיין אויסערגעוויינליכע ערשיינונג. ווען אַ מאַנופעקטשורער קויפט וואָרע און זי טויג ניט, שיקט ער דאָס באַלד צוריק און קריגט אַנדערע אויף דעם פּלאַץ. מיט דער שטאַט איז דאָס ניט אַזוי. ביים קויפען און ביים צוריקשיקען זיי דאַרף דאָס דורכגעהן פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס און אַזוי ווי פּאָליטישענס איילען זיך בלויז אין עלעקשאָן צייט, ווען מען דאַרף האָבען די שטימען און נאָך עלעקשאָן האָבען זיי שוין די שטימע־געבערס אין דער אדמה, האָט עס דאַרום אַזוי לאַנג געדויערט ביז דער פּראָדזשעקט האָט אריינגעקראָגען די ריכטיגע וואָרע, כאָטש ניט אין גאַנצען וואָס די שטאַט האָט זיך אונטערנומען צו קויפען, און דערפאַר האָט זיך עס אַזוי לאַנג פאַרצויגען דער אָנפאַנג פון פּראָדזשעקט צו אַרבייטען.

די סדרה „וואָרע" איז אָנגעגאַנגען אַ שעהנע פּאָר וואָכען. דערנאָך האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה ליינינגס. אַזוי ווי די שטאַט רעגירונג האָט געזעהן אַז מען האָט איר דאָס ערשטע מאָל מיט די וואָרעס אָפּגענאַרט, האָט זי, אַנשטאָט צו קויפען די ליינינגס אין דער שטאָדט, זיי שוין געאָרדערט דירעקט פון די מילס אין די ניו ענגלאַנד סטייטס. דאָ, ווידער, האָט די נאַטור אָפּגעטאָן אַ שפּיצעל דער שטאָדט רעגירונג. צוליב דעם גרויסען שטורם אין די ניו ענגלאַנד סטייטס, האָבען די מילס ניט געקענט דעליווערען די ליינינגס אין צייט און אַזוי ווי די פאַרוואַלטונג פון דעם פּראָדזשעקט איז זעקר בקי אין פּראָדוצירען קאָוטס, האָט זי ניט געוואָלט אָנפאַנגען דעם פּראָדזשעקט אָן די ליינינגס.

האָט מען ווייטער אָנגעפאַנגען טומלען וועגען די ליינינגס. האָט די שטאַט אַדמיניסטראַציע גע'טענה'ט אַז זי האָט געאָרדערט ליינינגס, אָבער צוליב דעם שטורם, זיינען זיי ניט אריינגעקומען. ענדליך איז געלונגען צו קריגען 2,000 יאַרד ליינינגס, אַז דער פּראָדזשעקט זאָל דערווייל קאָנען אָנפאַנגען אַרבייטען, און דאָס מאָל האָט מען זיך ערשט געכאַפּט, אַז די אינטערליינינג טויג ניט. האָט מען די אינטערליינינג צוריקגעשיקט, און מען האָט געמוזט וואַרטען ביז בעסערע אינטערליינינגס וועלען אריינקומען.

ווי אויבען געזאָגט, האָט דאָס קויפען, צוריקשיקען, און אריינקריגען אַנדערע וואָרע אין פּלאַץ, פאַרנומען זעהר פיל צייט. ווען דער פּראָדזשעקט האָט ניט אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען באַלד ווי ער איז אַדווערטייזט געוואָרען, איז עס דערפאַר וואָס אויף דעם פּראָדזשעקט זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרען פאַרוואַלטער וועלכע זיינען ניט קיין פאַכלייט און ווייסען ניט ווי צו מענעדזשען ווען זאַכען געהען ניט פון דער האַנד.

דער פּראָדזשעקט וועט באַשעפטיגען אַרום דריי־פיר הונדערט מענשען. די קאַטערס וועלען אַרבייטען 63 שטונדען אַ חודש. די אָפּערייטאָרס, פּרעסערס, אונטערפּרעסערס און עקזאַמינערס וועלען אַרבייטען 60 שטונדען אַ חודש און די פינישערס וועלען אַרבייטען 63 שטונדען אַ חודש.

די קאַטערס וועלען קריגען אין שכירות 91 דאָלער פאַר 63 שטונדען אַרבייט; די אָפּערייטאָרס, פּרעסערס און עקזאַמינערס וועלען קריגען 66 דאָלאַר פאַר 60 שטונדען אַרבייטס־צייט; די אונטערפּרעסערס וועלען קריגען 63 דאָלער פאַר דער זעלבער אַרבייטס־צייט וואָס די אָפּערייטאָרס און אָפּ־פּרעסערס, און די פינישערס וועלען קריגען 51 דאָלער פאַר 63 שטונדען אַרבייטס־צייט. קיין לעבען פון אַזעלכע שכירות קאָן דער קלאָוקמאַכער ניט מאַכען, אָבער אַזוי ווי די צייט איז שלעכט, וואָלט דער פּראָדזשעקט געווען אַ פיל גרעסערע הילף פאַר מאַנכע ווען ער וואָלט געווען אָנגעפאַנגען אַרבייטען פיל פריער.

די יוניאָן האָט פאַרלאַנגט פאַר די אַרבייטער העכערע שכירות, אָבער אָן ערפאָלג. עס איז איר אָבער געלונגען צו פאַרקירצען די אַרבייטס־שטונדען. ווען ניט די יוניאָן וואָלט די אַרבייטער אויף דעם פּראָדזשעקט אויסגעקומען צו אַרבייטען פיל לייננגערע שטונדען פאַר די זעלבע שכירות.

דער פּראָדזשעקט איז ניט קיין פּריוואַטע אונטערנעמונג פאַר פּריוואַטע פּראָפיטען. די קליידער וואָס ווערען דאָרט אויפגעמאַכט וועלען צוטיילט ווערען דורך דעם שטאַטישען וועלפעיר דעפּאַרטמענט צו די פרויען און קינדער פון די פאַמיליעס וואָס קריגען רעליעף.

❦

וועגען היינטיגען סעזאָן איז ניטאָ קיין פיל גוטעס צו זאָגען. אין אָנפאַנג זיינען די אויסזיכטען געווען פאַר אַ גוטען סעזאָן, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך אַנדערש. ווען דער סעזאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען איז דערוואַרטעט געוואָרען אַז ער וועט זיין אַן אויסנאַם און אַז דער טרייד וועט אים האָבען צו געדענקען צום גוטען. דאַמאָלסט, ווען מענשען האָבען אַזוי געטראַכט, איז די שטאָט געווען פאַרפלייצט מיט באַיערס און דער גאַנצער טרייד האָט זיך געפונען אין אַן אָפּטימיסטישער שטימונג. באַיערס זיינען געלאָפען פון שאָר־רום צו שאָר־רום אָנקוקען סטיילס. זיי האָבען געגען די סטיילס ניט געהאַט וואָס אויסצורעצען. פאַרקערט, זיי האָבען זיי געלויבט און געזאָגט, אַז היינטיגע סטיילס זיינען אַזעלכע וואָס די פרויען וועלען זיך ניט ענטזאָגען צו קויפען.

דער פאַקט, אַז פּאָר איז אין אָנפאַנג סעזאָן געווען ביליג, האָט נאָך מער צוגעגעבען צו דער שטימונג פאַר אַ גוטען סעזאָן, ווייל אַ ווינטער קאָוט, וואָס מער פּאָר עס האָט אויף זיך, אַלץ רייכער איז זיין אויסזעהן, און די פרוי פילט זיך אין אים אויך געהויבען. אַזוי האָבען די באַיערס און די עקספּערטען געגלויבט. זיי זיינען דאָך די ערשטע צו וויסען וואָס עס אַפּעלירט צו דער פרוי ווען זי קומט אין סטאָר קויפען, און וואָס ניט.

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער גאַנץ אַנדערש. דער היינטיגער סעזאָן איז ניט געווען דאָס וואָס פילע האָבען ערוואַרטעט. דער סעזאָן איז געווען אַ קדחת'דיגער. עס האָט געוואָרפען אַהין און צוריק. ווען ער איז ניט געווען קיין גוטער קאָוט סעזאָן, איז דערפאַר געווען אַ גוטער ספּאָרטסוועיר און סקוירטס סעזאָן. דער טרייד איז געווען אויסערגעוויינליך ביזי. עס איז מעגלאַך דערפאַר וואָס דער אַרטיקעל איז ניט קיין קאָסטבאַרער. עס באַשטעהט פון אַ דזשעקעטעל מיט אַ סקוירט פון צוויי באַזונדערע קאָלירען און וואָרעס. די פלעפּערקע לויפט אַרום מיט דעם אין סטרים. געוויס, ווען די קעלט קומט אַז קאָן זי דאָס ניט געברויכען. זי מוז האָבען אַ קאָוט אָנצוטאָן.

עס זיינען נאָך דאָ מענשען וואָס האָפען נאָך אַלץ אַז עס וועט זיין אַביסעל אַרבייט אין טרייד. זיי גלויבען, אַז ווייל דער סעזאָן איז ניט געווען קיין גוטער, דאַרום זאָל נאָך זיין אַביסעל קלאָוקס אין די מאָנאַטען נאָוועמבער און דעצעמבער, בעפאָר קריסמעס. הלוואי זאָל דאָס אמת זיין!

---

פר. ארב. שטימע אַלע וואָך אַרטיקלען וועגען טרייד־יוניאָן ענינים, פון אַ שרייבער וואָס איז אַ מיטגליד אין לאָקאַל 9, אַן אָנגעשלאָסענער לאָקאַל פון דזש. באָאַרד. זיינע אַרטיקלען ענטהאַלטען אָפט שאַרפע קריטיק געגען אונזער דזשאָינט באָאַרד; אוממערסטען אומגערעכטע קריטיק, (לויט דעם שרייבער'ס מיינונג). — דאָך האָט ביז איצט נאָך קיינער אים דערפאַר ניט אָנגעקלאָגט! עס איז אויך נאָך ניט אָנגעקלאָגט געוואָרען אימיצער אַנדערש פאַר שרייבען אין אַ צייטונג אירגענד וואָס, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון קריטיק אויף אונזער יוניאָן. קיינער קען אויך ניט זאָגען, אַז ס'איז שווער צו קריגען עפּעס אָפּגעדרוקט אין אַ צייטונג; זיי האָבן דעריבער געהאַט נאָרמאַלע מעגליכקייטען אַרויסצוזאָגען זיך שריפטליך אין די עקזיסטירענדע צייטונגען. זיי האָבען ביים פּראָצעס צוגעגעבען, אַז וואָס איז שייך זייערע פּערזענליכע דערפאַרונגען, האָט זיי די יוניאָן, סיי דער לאָקאַל מענעדזשער, סיי דער גענעראַל מענעדזשער, אַלעמאָל באַהאַנדעלט שעהן, אָנשטענדיג און אויפמערקזאַם. אָבער דער חשק צו בלאָזען זיך, איינצורעדען זיך, אַז זיי זיינען געוואָרען גרויסע מענשען: אַ „רעדאַקטאָר", אַ „שרייבער", איז ביי זיי געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז רעכט געוואָרען אַרונטערצולאָזען זיך אין זומפּ... דאָס בלעטעל איז דאָך ניט פאַרקויפט געוואָרען, נאָר צוטיילט געוואָרען פריי. זעט אויס, אַז די אַרויסגעבער זיינען געווען „איבערצייגט", אַז כדי צו דערגרייכען דערפאָלג מיט זייער פריי צוטיילטער בלעטעל, מוזען זיי באַנוצען הפקרות, רינשטאָק־שפּראַך; מאַכען פאַלשע באַשולדיגונגען, איבערגעבען פאַקטען פונקט קאַפּויר, ווייל אַנדערש וועט קיינער דאָס בלעטעל אפילו אומזיסט ניט וועלען נעמען... דענקען מיר דעריבער, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז עס גאָרניט קיין זינד געגען דעם פּרינציפּ פון פרייע פּרעסע, ווען די יוניאָן האָט באַשלאָסען, אַז אָט די גרופּע און אַזאַ בלעטעל טאָרען אינגאַנצען ניט עקזיסטירען.

# גרופּע־הפקרות אָדער פרייע פּרעסע

## פון מ. י. אַשביץ.

סעקרעטער־טרעזשורער דזש. באָארד קלאָוקמאַכער יוניאָן.



ניט מיט קיין איבעריקען חשק שרייב איך אָט דעם אַרטיקעל. עס וואָלט אודאי אַ סך בעסער געווען, ווען איך זאָל עס אינגאַנצען ניט דאַרפען שרייבען. אָבער דער דזשאָינט באָארד פון די קלאָוקמאַכערס יוניאָן האָט דעם 24־טען אויגוסט באַשלאָסען אָנצוקלאָגען די גרופּע, וואָס גיט אַרויס דאָס בלעטעל: „יוניאָן־אַוואַנגאַרד", אַז זיי האָבען עובר געווען דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן. דער באַשלוס איז, אַז אין אונזער אינטערנעשאָנעל זאָלען מער ניט עקזיסטירען קיין גרופּען, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דיסקוטירען און האַנדלען איבער פראַגען, וועלכע דאַרפען אויפגענומען און געהאַנדעלט ווערען ביי די יוניאָנס גופא. די גרופּע איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר דער ספּעציעלער קאָמיטע, וואָס די אינטערנעשאָנעל האָט באַשטימט אַכטונג צו געבען אַז דער דערמאָנטער באַשלוס זאָל דורכגעפירט ווערען. איך פיל דעריבער, אַז די מיטגלידער דאַרפען אינפאָרמירט ווערען איבער אַלע פּרטים בנוגע דעם טרויעריגען ענין.

מיט אַ גענויען יאָר צוריק האָבען אייניגע מיטגלידער פון לאָקאַל 117 זיך צוזאַמענגענומען אַלס גרופּע, און אַרויסגעלאָזען אַ בלעטעל אונטער'ן נאָמען: „יוניאָן־אַוואַנגאַרד". איך זאָג: „אַלס גרופּע", ווייל אַזאַ אונטערנעמונג, וואָס איז פאַרבונדען מיט אַ סך קאָסטען; וואָס פאַר דעם צוועק איז נויטיג צו זאַמלען פאָנדען, — צוזאַמענגעקליבען פון ניקעלס, דאַימס און קוואָדערס; היינט דאָס פאַרשפּרייטען די געדרוקטע נומערען — אָט דער גאַנצער סכום אַרבייט איז אַזאַ גרויסער, אַז עס איז אַ פיזישע אוממעגליכקייט, אַז איין מענש זאָל עס קענען דורכפירען. עס איז קלאָר, אַז כדי צו מאַכען מעגלאַך אָפּצודרוקען און פאַרשפּרייטען דעם „יוניאָן אַוואַנגאַרד", איז אומבאַדינגט נויטיג געווען די מיטאַרבייטערשאַפט פון אַ גרעסערער צאָל מענשען, וועלכע — דורך זייער צוזאַמענאַרבייט — האָבען ממילא גענומען פונקציאָנירען אַלס אַ גרופּע — איבערטרעטענדיג דערמיט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

⁂

ביים אַרויסגעבען דעם ערשטען נומער האָבען די אַרויסגעבער אָפּגעדרוקט אַ „פּרינציפּען־ערקלערונג". דער אָנשטעל איז געווען אַ גאַנץ „וואַזשנער". צוערשט האָבען זיי אָנגעגעבען אַ רייע אורזאַכען, צוליב וועלכע זיי זיינען „פּשוט געצוואונגען" אַרויסצוגעבען די „מאָנאַטליכע שריפט". נאָכדעם איז געקומען אַ „הייליקער פאַרשפּרעכען", אַז די אָנגעווייטיגטע יוניאָן פּראָבלעמען וועלען באַהאַנדעלט ווערען מיט דעם נויטיגען ערנסט; זיי וועלען זיך באַמיהען צו זיין אומפּאַרטייאיש און גערעכט; זיי וועלען זיך, צו זייער אויפגאַבע, באַציהען מיט אַזאַ אויפריכטיגער אָביעקטיוויטעט, אַז פּונקט ווי זיי קריטיקירען, וועלען זיי — וואו עס קומט — מיט דער זעלבער צופרידענהייט, אויך לויבען...

אין די ערשטע נומערען פון „אַוואַנגאַרד" האָט מען ווייניג געטשעפּעט דעם דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, אָדער זיינע אָנגעשלאָסענע לאָקאַלס. אַלע עפּיטעטען און שטעכווערטלאַך, אינסינואַציעס און פערזענלאַכע אָנפאַלען, זיינען „געווידמעט" געוואָרען הויפּטזעכליך דער אַדמיניסטראַציע פון „זייער לאָקאַל"; ספּעציעל האָבען זיי „געהאָט די נידעלס" צו בר. ל. ליווי, וועלכער איז קענטיק (שווער צו וויסען פאַרוואָס) פאַר זיי אַ דאָרען אין די אויגען...

ווען בר. ל. ליווי איז נאָך געווען געזונט, האָט ער זיי, ביי די מיטינגען פון לאָקאַל 117, אַ פּאָר מאָל „גענומען אויפ'ן בענקעל". נאַטירליך איז ער אויף זיי דער ערשטער ניט אָנגעפאַלען. די „איניציאַטיוועס" האָבען גענומען דער „רעדאַקטאָר" מיט דער „אַקטיווער מיטהילף" פון זיינע „מיטאַרבייטער". ביי די מיטגליד־מיטינגען פון לאָקאַל 117 האָבען זיי פּראָבירט איבערזאָגען מינדליך דאָס זעלבע וואָס זיי האָבען אין זייער בלעטעל אָנגעפּלאַפּלט שריפטליך. זיי פלעגען אַלע מאָל קריגען גענוג מעגלאַכקייטען צו ריידען; בר. ל. ליווי האָט אפילו איינמאָל ספּעציעל געבעטען, מען זאָל דעם „רעדאַקטאָר'ס" רעדע־צייט פאַרלענגערען, כדי אים געבען די מעגלאַכקייט „זיך ריכטיג אויסצודריקען". אָבער נאָכדעם ווי די פירערשאַפט פון לאָקאַל 117 (ספּעציעל בר. ל. ליווי) האָט געענטפערט אויף די „קריטיק", פלעגט אַלע מאָל דער שטאַנדפּונקט און די פּאָליסי פון דער אַדמיניסטראַציע, כמעט איינשטימיג גוטגעהייסען ווערען. זייערע, אַזוי גערופענע „נייע פלענער", פלעגען פון די מיטגלידער פּשוט אויסגעלאַכט ווערען. אָבער אפילו נאָך עטליכע אַזעלכע מיטינגען זיינען זיי קליגער אַלץ ניט געוואָרען. אין די שפּעטערדיגע נומערען פון זייער בלעטעל האָט זיך ניט געמערקט קיין ענדערונג, ניט אין דער באַציהונג, ניט אין פאָרם, האָט ווער געקענט באַמערקען, אַז די מענשען האָבען עפּעס געלערנט פון דעם וואָס די מיטגלידער האָבען אויסגעדריקט זייער שטימונג ביי די מיטינגען פון לאָקאַל 117.

האָט אָבער פּאַסירט, אַז בר. ל. ליווי, מענעדזשער פון לאָקאַל 117 איז פּלוצים ערנסט קראַנק געוואָרען. (פאַר אַרום 7 וואָכען האָט דער דאָקטאָר אים פאַרבאָטען אויפצוהויבען זיך פון בעט). אויף אַזוי פיל האָט די חברה פאַרשטאַנען, אַז „רייבען איצט אַ מאָרדע" איינעם וואָס איז קראַנק און קען ניט מער מיט זיי זיך אויס'טענה'ן ביי די מעמבער מיטינגען, וועט אויסקוקען ניט שעהן; אַז די עטלאַכע אָנהענגער זייערע וועלען פאַר אַזאַ האַנדלונג אויך פון זיי זיך אָפּטרייסלען. האָבען זיי אויפגעזוכט אַ „נייעם קרבן" — דעם גענעראַל מענעדזשער פון אונזער דזשאָינט באָארד.

ווען מען האָט אונז געצייגט דעם 8טען נומער, פון אויגוסט, האָבען מיר געזען אַז חברה האָט זיך „אַליין איבערטראָפען". אַלע עפּיטעטען און אינסינואַציעס וואָס זיי האָבען באַנוצט פריהער, זיינען שוין געווען „אָנשטענדיגע שפּראַך" אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס זיי האָבען זיך דערלויבט אין דעם אויגוסט נומער.

וואָס ס'האָט וועה געטאָן מער פון אַלעם, איז דער פאַקט וואָס אַחוץ דעם „רעדאַקטאָר" (אַ געוויסער דזש. קאַץ), וועלכער איז געקומען קיין ניו יאָרק אַרבייטען אַלס קלאָוקמאַכער, ערשט אין 1933 (ווען די נ. ר. א. איז שוין געווען אין קראַפט) זיינען דאָך אַ צאָל פון די וואָס אידענטיפיצירען זיך מיט דער בלעטעל, געווען זעהר אַקטיוו לטובת דער יוניאָן אין פאַרשידענע קריטישע סיטואַציעס. איינער פון זיי איז אַ געוועזענער קאָלעגע ביזנעס־אַגענט — ווען אונזער גענעראַל מענעדזשער איז אַליין נאָך געווען אַ ביזנעס־אַגענט — אין דעם זעלבען אָפיס; טאָ ווי אַזוי האָבען אָט די מענשען געקענט אַזוי נידעריג זינקען, צו פאַרבינדען זיך מיט אַ בלעטעל, וואָס האָט די חוצפה אים אָנצורופען: „סקעב־אָרגאַנייזער"?

נאַטירליך איז פאַר אַלצדינג פאַראַן אַ „תירוץ פאַר דער באָבען": עס איז געווען „דעם זעצער'ס שולד"! אָבער וועמען וויל מען דערמיט נאַרען? די גאַנצע בלעטעל פון אויגוסט מאָנאַט איז דאָך געווען אָנגעפּיקעוועט מיט אינסינואַציעס און פאַלשקייטען געגען גענעראַל־מענעדזשער און אַ צאָל אַנדערע! אָט איז איין קאָנקרעטער ביישפּיל: אין פרילינג פון היינטיגען יאָר איז אַן אַקטיווער קלאָוקמאַכער געקומען צום גענעראַל מענעדזשער און געמאַכט אַ סטייטמענט, לויט וועלכען דער דעמאָלטדיגער מענעדזשער פון לאָקאַל 21, נוארק, האָט געדאַרפט געשטעלט ווערען אונטער קלאַגען. דער גענעראַל מענעדזשער האָט גלייך אויפ'ן אָרט אָפּגערופען דעם אינטערנעשאָנעל אָפיס און פאַרלאַנגט, אַז אַ ספּעציעלע קאָמיטע זאָל פאַר דעם צוועק זאָפאָרט באַשטימט ווערען. די אונטערזוכונג האָט זיך געענדיגט דערמיט וואָס דער דערמאָנטער לאָקאַל־מענעדזשער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון אַמט, צוזאַמען מיט נאָך איינעם. עס איז אַ טרויעריגע פּאַסירונג; אודאי וואָלטען מיר געוואָלט, אַז אַלע בעאַמטע זאָלען זיין פעהיג און ערליך. אָבער עס איז דאָך פאָרט אַ פאַקט, אַז אונזער גענעראַל מענעדזשער איז געווען דער, וואָס אַזוי שנעל ווי ער האָט געהערט דעם קאָמפּראָמעטירענדען סטייטמענט, האָט ער גלייך געפאָדערט אַן אונטערזוכונגס קאָמיטע, וועלכע האָט דעם דערמאָנטען סוביעקט געפונען שולדיג. קען ווער מיט נאָרמאַלען שכל זאָגען, אַז אַזאַ האַנדלונג מצד דעם גענעראַל־מענעדזשער מיינט באַשיצען דעם אָנגעקלאָגטען? אָבער אין אויבענדערמאָנטען נומער איז געווען געדרוקט אַ פּאַטשקעריי, לאַנג ווי דער גלות, און דאָרט ווערט געמאַכט דער ליגנערישער אויספיר, אַז אונזער גענעראַל מענעדזשער האָט דעם נוארקער לאָקאַל מענעדזשער גאָר געזוכט צו באַשיצען און פאַרטיידיגען... אָט די אינסינואַציע איז צוזאַמענגעשמעלצט מיט נאָך איינער: אַז אייגענטליך איז אַזאַ טיפּ (ווי דער אַרויסגעוואָרפענער) פאַראַן אין יעדען לאָקאַל. דאָס איז אַ זעהר ווייט געהענדע באַשולדיגונג, פאַר וועלכער עס איז ניט אָנגעגעבען געוואָרען קיין שום פאַקט, קיין איין באַוויז! מיט אַזוינע פעלשונגען און פאַרלוימדונגען איז פול דער גאַנצער נומער.

וואָס איז שייך די אויבענדערמאָנטע באַשולדיגונג געגען אונזער גענעראַל מענעדזשער, האָבען די אמת'ע פאַקטען לייכט געקענט פעסטגעשטעלט ווערען, ווען די „אַוואַנגאַרדניקעס" וואָלטען טאַקע געזוכט דעם אמת. די בלעטעל ווערט אין גאַס געטיילט פריי צו אַלעמען, אויך צו פאָרלייט און באַלעבאַטים. אונזער יוניאָן איז אַזוי נאָך געוואָרען עפענטליך פאַרלוימדעט אויף אַ שענדליכען אופן. דאָס איז פון דזשאָינט באָארד באַטראַכט געוואָרען אַלס אַן אַקט וואָס גרעניצט זיך מיט יוניאָן־ברעכעריי! דער שרייבער פון די שורות האָט שוין פאַר אַ לאַנגע צייט ניט געזעהן אַזאַ שטורעמדיגע שטימונג ביי אַ דזשאָינט באָארד מיטינג. עס האָט ביי אַלעמען אויפגעקאָכט די בלוט געגען אַזאַ נבלה. איינשטימיג איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אַלע וואָס זיינען פאַר דעם דערמאָנטען אַקט פאַראַנטוואָרטליך, זאָלען, אַלס אַ גרופּע, אָנגעקלאָגט ווערען צו דער אינטערנעשאָנעל קאָמיטע.

אַ סך וועלען פרעגען, וואָרום מען האָט זיי פאַרקלאָגט אויף דער טעכנישער קלאָגע, וואָס זיי זיינען אַ גרופּע, און ניט אויף די עצם פאַרלוימדונגען גופא? דער ענטפער דאַרויף איז, אַז יורידיש איז אַ דזשאָינט באָארד אַ העכערער אינסטאַנץ ווי אַ לאָקאַל; פאָלגליך קען דער דזשאָינט באָארד די קלאָגע ניט ברענגען צו קיין לאָקאַל גריוואַנס קאָמיטע. איז דער איינציגער אויסוועג געווען, ברענגען עס צו אַ קערפּערשאַפט וואָס איז העכער פון דזשאָינט באָארד — צו דער אינטערנעשאָנעל קאָמיטע. לויט אונזער קאָנסטיטוציע קען אָט די קאָמיטע אַזאַ קלאָגע אויפנעמען בלויז ווען דאָס איז באַזירט אויפ'ן פאַקט, אַז אין דעם איז שולדיג ניט איין פּערזאָן, נאָר אַ גאַנצע גרופּע.

די בעאַמטע פון דזשאָינט באָארד, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרען אַלס די אָפיציעלע קלאָגע קאָמיטע, האָבען גראָד געזוכט, דורך זייערע פראַגען, באַריכות אַרומנעמען די באַשולדיגונגען גופא. אָבער אויסער דעם „רעדאַקטאָר" האָבען אַלע אַנדערע געזוכט זיך אָפּוואַרפען פון פאַראַנטוואָרטליכקייט. זייער טענה איז געווען, אַז זיי האָבען ניט געוואוסט, אַז אַזעלכע אַרטיקלען וועלען דערשיינען. (כאָטש זיי האָבען דאָס בלעטעל נאָכדעם געטיילט אין גאַס...) דער „רעדאַקטאָר" זעלבסט, וועלכער האָט אין אָנפאַנג יאָ עפּעס געענטפערט אין שייכות מיט די עצם באַשולדיגונגען, האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט און קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער ענטזאָגט זיך צו ענטפערען אויף אירגענד וועלכער פראַגע אַחוץ דער פראַגע „צי מיר זיינען אַ גרופּע". עס איז ניט די יוניאָן וואָס האָט געוואָלט אויסמיידען די עצם אישו, נאָר די אומפאַראַנטוואָרטליכע אַרויסגעבער און שרייבער פון יענע בלעטעל, וואָס האָבען געקראָגען קאַלטע פיס. דורך אַרויסדרייען זיך און ניט וועלען ענטפערען, האָבען זיי ניט דערלאָזען, אַז די עצם פאַרלוימדונגען זאָלען ביים פּראָצעס דורכגעלופטערט ווערען.

ביים פאַרהער זיינען גענומען געוואָרען „מינוטס" פון אַ סטענאָגראַפער, פּונקט ווי אין אַ רעגעלער קאָורט. עס איז דעריבער גיטאָ קיין אורזאַך חושד צו זיין (ווי די „פרייע אַרבייטער שטימע" האָט געשריבען), אַז מען וועט זוכען אַ טובה טאָן אַן אייגענעם... די סטענאָגראַפישע פּראָטאָקאָלען וואָלטען אַזאַ פּאַרטייאישקייט זעהר לייכט אויפגעדעקט. איין פאַקט איז אַ פעסטגעשטעלטער, אַז די רעפּוטאַציע פון דעם יורידישען דעפּאַרטמענט אין אונזער אינטערנעשאָנעל שטעהט זייער הויך און קיינער וועט ניט צווייפלען אין זיין אומפּאַרטייאישקייט.

צולעצט אַ פּאָר ווערטער וועגען פרייע פּרעסע אין אַלגעמיין. אין דער „פרייע אַרבייטער שטימע" איז אייניגע מאָל געשריבען געוואָרען אין דעם זין, אַז דער פּראָצעס איז אַן אָנגריף אויף פרייע פּרעסע. איך בין זיכער, אַז די אַרויסגעבער פון דער פ. א. ש. ווייסען דעם חילוק פון פרייע פּרעסע ביז הפקר פּרעסע און רינשטאָק־שפּראַך. עס איז אויך בלי שום ספק, אַז די פ. א. ש. וויל זיך ניט אידענטיפיצירען מיט אַלצדינג ליגנערישעס און פאַרפירעריש, וואָס ס'איז אין יענער בלעטעל געשטאַנען... זיי וועלען זיך געוויס מיט מיר ניט שפּאַרען, ווען איך וועל באַהויפּטען, אַז ווען די מענשען, וואָס די גרעסטע טייל פון זיי זיינען פאַררעכענט פאַר אָנהענגער פון דער פ. א. ש., זאָלען אָנשרייבען אַרטיקלען פון אַ קריטישען כאַראַקטער געגען דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, אָנשטענדיג און ליטעראַריש אויפגעשריבען, וואָלט עס די פ. א. ש. מסתמא אָפּגעדרוקט... אָט דרוקען זיך דאָך אין דער

# נייעס פון לאָס אַנדזשעלעס

פון ה. רובינשטיין.



ער ווינטער איז שוין באַלד אַוועק, און נאָך אַ האָפנונג איז אויסגערונען געוואָרען. מען האָט געהאָפט און געוואַרט פאַר אַ גוטען סיזאָן. לסוף איז עס דער ערגסטער סיזאָן וואָס מיר האָבען געהאַט פאַר אַ לאַנגע צייט. זייער ווייניג פון אונזערע מעמבערס האָבען געאַרבייט פולע וואָכען. דעם גאַנצען סיזאָן האָט מען זיך געטיילט מיט דער אַרבייט אַזוי ווי אין סלעק־צייט. דאָס שאַפט, נאַטירליך, אומצופרידענהייט צווישען די מעמבערס און שוועריגקייטען פאַר דעם אָפיס, ווייל עס איז פיל שווערער צו סעטלען פרייזען ווען עס איז דאָ ווייניג אַרבייט ווי ווען עס איז ביזי. דער אמת, דוכט מיר איז, אַז די אַרבייטער אַליין ווערען ענטמוטיגט און אין זייער נייגעריגקייט צו פאַרדינען עפּעס, הערט מען זיך צו צו די אַרגומענטען פון באָס, אַז ווען מען וועט סעטלען פאַר ביליגער וועט זיין מער אַרבייט. עס איז אַן אַלטער אויסגעדראָשענער אַרגומענט. אָבער אין אַזעלכע צייטען ווירקט עס און עס איז דעריבער אַ שווערער קאַמף אָנצוהאַלטען די באַדינגונגען אין די איצטיגע צייטען. אָבער מיר טוען אונזער בעסט.

❖

אונזער יוניאָן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יוניאָנס, זיינען איצט ערנסט פאַרזאָרגט וועגען די פאַרזוכען וואָס עס ווערען געמאַכט אין לאָס אַנדזשעלעס און אין גאַנצען סטייט, צו פאַריווערען פיקעטען אין צייט פון סטרייקס. דער פאַרדרוס איז נאָך גרעסער וואָס עס ווערט געטאָן אויף אַ דעמאָקראַטישען וועג, דורך אַ רעפערענדום אָפּשטימונג. דעם 16טען סעפּטעמבער האָבען די בירגער אין לאָס אַנדזשעלעס געשטימט פאַר אַ פּראָוויזשאָן וואָס, ווי אונזערע שטאָט פאַרזאָרגער זאָגען, וועט רעגולירען פיקעטען. דער אמת איז, אַז עס באַשרענקט די צאָל פיקעטס און עס פאַרבאָט אַנדערע אַרבייטער, אויסער די דירעקטע סטרייקערס צו פיקעטען, און נאָך און נאָך שוועריגקייטען. עס איז דאָ די אָנגענומענע מיינונג, אַז וואָלט די טרייד־יוניאָן באַוועגונג ביי אונז אין שטאָט געווען פאַראייניגט, וואָלט דער שענדליכער געזעץ־פּראָיעקט זיכער ניט דורכגעגאַנגען. איז אָבער די באַוועגונג צושפּליטערט און עס איז ניט געווען קיין געאייניגטע אַקציע, און עס איז ניט אָפּגעגעבען געוואָרען גענוג צייט און ענערגיע קלאָר צו מאַכען אפילו פאַר די אַרבייטער וואָס דער פּראָיעקט מיינט פאַר זיי אַלס אַרבייטער, אַלס יוניאָן לייט, אַלס פרייע אַמעריקאַנער בירגער. דער רעזולטאַט איז, אַז עס איז איצט אַ געזעץ.

און טאַמער איז דאָס ניט גענוג, וועלען דעם 8טען נאָוועמבער די בירגער פון גאַנצען קאַליפאָרניע סטייט דאַרפען שטימען נאָך וועגען אַ פיל ערגערען געזעץ־פאָרשלאַג. אַ געזעץ וואָס ווען אָנגענומען, שטעלט דאָס אין געפאַר די גאַנצע עקזיסטענץ פון יוניאָנס און אפילו פון אַרבייטער־פריינדליכע אָרגאַניזאַציעס אין אַלגעמיין. אויב דער געזעץ זאָל אָנגענומען ווערען, וועט איינגעשטעלט ווערען אַ כמעט פאַשיסטישער קאָנטראָל אויף די היגע יוניאָנס. די יוניאָנס זיינען דעריבער געוואָרען ביזי און מיר פירען אַן אַ העפטיגען קאַמפּיין אויפצוקלערען די היגע בירגער וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך. אונזער יוניאָן רופט אַ גרויסען מאַס מיטינג פאַר דיזען צוועק, און מיר האָפען אויפצואוועקען די עפענטליכע מיינונג געגען דעם שענדליכען און שעדליכען געזעץ־פאָרשלאַג, געגען דעם געזעץ וואָס וואָלט געמאַכט קאַליפאָרניע סטייט מער פּאַסענד צו זיין אַ טייל פון עפּעס אַ פאַשיסטישע מלוכה אין אייראָפּע, ווי אַ טייל פון די פרייע דעמאָקראַטישע פאַראייניגטע שטאַטען.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם סטייט געזעץ, האָפען מיר, אַז עס וועט ניט דורכגיין און עס וועט קיינמאָל ניט ווערען קיין געזעץ. אין שטאָט לאָס אַנדזשעלעס אָבער איז דער געזעץ שוין אין קראַפט, און די יוניאָנס זיינען ענטשלאָסען אָנצוהויבען אַ פּראָצעס אין די קאָורטס אויף דעם גרונד וואָס דער געזעץ איז ניט קאָנסטיטוציאָנעל.

פאַרשטייט זיך, עס איז זייער אַ קאָסטבאַרע אונטערנעמונג און עס וועט זיך פאָדערען גרויסע סומען געלד. אונזער דזשאָינט באָאַרד האָט דערווייל באַוויליגט 500 דאָלאַר פאַר דיזען צוועק, און ביים מאַס מיטינג ערוואַרטען מיר צו שאַפען נאָך געלט. וואָלט דער סיזאָן ניט געווען אַזאַ שלעכטער, וואָלט ניט שווער געווען צו שאַפען געלד צווישען אונזערע מעמבערס. אין דעם איצטיגען סיזאָן איז עס אָבער זייער שווער. מיר זיינען אָבער זיכער, אַז אונזערע מעמבערס וועלען פאַרשטיין די וויכטיגקייט און ערנסטקייט פון דער זאַך און וועלען זיך ניט אָפּשטעלען פאַר קיין שוועריגקייטען. אויב אונז זאָל אָבער ניט געלינגען צו שאַפען די נויטיגע סומען געלד צווישען אונזערע אייגענע מעמבערס, וועלען מיר אפשר זיין געצוואונגען צו פאַרלאַנגען הילף פון אונזערע שוועסטער לאָקאַלען אָדער פון דער אינטערנעשאָנעל, אום צו קענען אָנפירען דעם קאַמף געגען דעם פאַרשקלאַפונגס־געזעץ, ווען עס זאָל אפילו נויטיג זיין צו גיין צו אין העכסטען געריכט פון לאַנד, אין יונייטעד סטייטס סופרים קאָורט.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויסנוצען די שפּאַלטען פון אונזער „גערעכטיגקייט" און אַפּעלירען צו אַלע אונזערע מעמבערס: זעט זיך מיט אַלע אייערע פריינד, באַקאַנטע און שכנים; ערקלערט זיי די געפאַר פון דעם פאָרגעשלאָגענעם „פּראָפּאָזישאָן נומער 1". אין עלעקשאָן טאָג דעם 8טען נאָוועמבער זייט פון די ערשטע צו גיין צום שטימקאַסטען. שטימט געגען דעם פּראָוויזשאָן 1 און זעט אַז אַלע אייערע פריינד, באַקאַנטע און שכנים זאָלען טאָן דאָס זעלבע. זעט אויך אַז אייערע באַקאַנטע זאָלען זיך זען מיט זייערע באַקאַנטע און אויך ברענגען זיי צום שטימקאַסטען און אויך זיי זאָלען שטימען געגען דעם פּראָוויזשאָן. אין קורצען, זאָל יעדער פון אונז ווערען אַן אַגיטאַטאָר געגען דעם געפערליכען געזעץ־פאָרשלאַג, פּראָוויזשאָן נומער 1, און דערמיט פאַרזיכערען דעם עקזיסטענץ און ערפאָלג פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

❖

אונזער דזשאָינט באָאַרד האָט לעצטענס אָנגעהויבען אַ גרויסען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין דער דרעס אינדוסטריע. ברודער לוצקי, דער מענעדזשער פון דזשאָינט באָאַרד, איז באַשטימט געוואָרען אָנצופירען דעם קאַמפּיין. צום באַדויערען, איז דער סעזאָן אין דער דרעס אינדוסטריע ניט בעסער ווי אין דער קלאָוק אינדוסטריע, און איר ווייסט דאָך וואָס עס מיינט אָנצופירען אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט צווישען סעזאָנען, אין לאָס אַנדזשעלעס, און אין אַ שלעכטען סעזאָן. די קלאָוקמאַכער קענען אין דעם אַ סך אַרויסהעלפען. די קלאָוק און דרעס שעפּער געפינען זיך אין די זעלבע געביידעס, אין פילע פעלע אויף די זעלבע פלאָרס.

קלאָוקמאַכער, העלפט אָרגאַניזירען די דרעס מאַכער! איר וועט דערמיט ניט נאָר העלפען די דרעס מאַכער, נאָר איר וועט העלפען זיך אַליין. אָן אַ שטאַרקער דרעס מאַכער יוניאָן איז שווער צו האָבען אַ 100 פּראָצענטיגע קלאָוק מאַכער יוניאָן. געדענקט דאָס, קלאָוקמאַכער!

❖

מיר זיינען איצט אויך פאַרנומען מיט שאַפען אונזער קוואָטאַ פאַר דעם פּאַסיפיק קאָוסט אָפּטיילונג פון דער מאָריס הילקוויט האָספּיטאַל געביידע אויף דעם סאַניטאַריום גראָונד. מיר האָבען פאַר דעם צוועק, מיט דער הילף פון דער סאַניטאַריום פאַרוואַלטונג, אַראַנזשירט אַן אַרויספאָר פון אַלע אונזערע שאָפּ טשערלייט און אַקטיווע מעמבערס אויף די סאַניטאַריום גראָונדס. איבער 100 מיטגלידער זיינען אַרויסגעקומען. מיר האָבען אָפּגעדרוקט 1, 3 און 5־דאָלאַרדיגע שיינע סערטיפיקייטס, אויף איין זייט דאָס בילד פון דער געביידע און אויף דער צווייטער זייט אַ בילד פון מאָריס הילקוויט. מיר ערוואַרטען אַז יעדער פון אונזערע מיטגלידער וועט קויפען אָט די סערטיפיקייטס און אַזוי אַרום וועלען מיר שאַפען די נויטיגע סומע געלד.

אונזער דזשאָינט באָאַרד איז אויך פאַרבונדען מיט דעם אידישען אַרבייטער קאָמיטעט ביי אונז אין שטאָט, און מיר טוען אַלעס מעגליכעס צו מאַכען פאַר אַ גרויסען ערפאָלג דעם פּראָטעסט־מיטינג, וואָס דער אידישער אַרבייטער קאָמיטעט רופט פאַר מיטוואָך, דעם 9טען נאָוועמבער, אין טריניטי אָודיטאָריום, וואו י. באַסקין, גענעראַל סעקרעטער פון אַרבייטער רינג און סעקרעטער פון אידישען אַרבייטער קאָמיטעט פון ניו יאָרק, וועט זיין דער הויפּט רעדנער. מיר ערוואַרטען אַז אַ גרויסע צאָל פון אונזערע מעמבערס וועלען קומען.

❖

דער לואיס פיין 50־יאָריגער יוביליי באַנקעט שבת נאַכט, דעם 17טען סעפּטעמבער, איז זייער ערפאָלגרייך און פיין דורכגעפירט געוואָרען. אַרום 300 מעמבערס פון דער יוניאָן האָבען זיך פאַרזאַמעלט. אַ געשמאַקער מאָלצייט איז סערווירט געוואָרען; אַ קינסטלערישע מוזיקאַלישע פּראָגראַם איז דורכגעפירט געוואָרען, מיט דער באַטייליגונג פון אייניגע פּראָמינענטע אַרטיסטען פון אונזער שטאָט. אַ גרויסע צאָל טעלעגראַמעס, צווישען זיי אויך איינע פון אונזער פּרעזידענט דובינסקי, איז פאָרגעלעזען געוואָרען. אַ צאָל רעדנער, מעמבערס פון אונזער יוניאָן, און אויך פון אַנדערע יוניאָנס און געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, האָבען באַגריסט דעם יובילאַר און געוואונשען אים נאָך פילע גליקליכע יאָרען פון אַקטיוויטעט. צום שלוס האָט דער יובילאַר אַלעמען האַרציג באַדאַנקט פאַר דעם כבוד און אַנערקענונג, וואָס עס ווערט אים צוגעטיילט, און אויך פאַר די פיינע מתנות וואָס מען האָט אים געגעבען צו דער געלעגענהייט, און האָט פאַרשפּראָכען פאָרצוזעצען אויף ווייטער זיין טעטיגקייט פאַר דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

דער אָוענט האָט זיך געעפענט, איז דורכגעפירט געוואָרען און האָט זיך פאַרענדיגט אין אַ פיינער, געהויבענער שטימונג און מיט די בעסטע וואונשען צו ברודער ל. פיין און זיין פאַמיליע.

❖

די סאָציאַליסטישע אַרבייטער באַוועגונג אין לאָס אַנדזשעלעס האָט מיטוואָך, דעם 28טען סעפּטעמבער, געליטען אַ באַדייטענדען פאַרלוסט אין דעם פריצייטיגען טויט פון שאול עלשטיין. די לעצטע יאָרען איז ער ניט געווען דירעקט פאַרבונדען מיט אונזער באַוועגונג. אָבער אין די יונגע יאָרען איז ער געווען פאַרבונדען מיט אונזער אינטערנעשאָנעל אַלס אָרגאַנייזער. ער איז אויך פאַר פילע יאָרען געווען אַ טעטיגער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, געווען טעטיג אַלס רעדנער, שרייבער און אַלס ריינק־און־פיילער, אַליין אַ טעטיגער, ענערגישער באַוועגונגס־מענש, האָט ער פיל געליטען פון דער שוואַכקייט און אומטעטיגקייט פון דער סאָצ. פּאַרטיי, האָט ער געזוכט טעטיגקייט ערגעץ אַנדערש, און דאָס האָט אים געפירט צו דער לינקער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואו עס איז דאָ אַ סך טומעל, און פון ווייטען דוכט זיך אַז עס ווערט אַ סך אויפגעטאָן. ער איז געשטאָרבען אין עלטער פון 64 יאָר. ער לאָזט איבער אַ פרוי, טאָכטער און זון, וועלכע זיינען אַלע טעטיג אין דער אַרבייטער באַוועגונג ביי אונז אין שטאָט.

---

**STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC.,**

required by the Acts of Congress of August 24, 1912, and March 3, 1933 of GERECHTIGKEIT, published Monthly at Jersey City, N. J., for October 1st, 1938.

State of New York

County of New York SS:

Before me, a Notary Public in and for the State and county aforesaid, personally appeared Joseph Gladstone, who, having been duly sworn according to law, deposes and says that he is the Circulation Manager of the GERECHTIGKEIT and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management, etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, as amended by the Act of March 3, 1933, embodied in section 537, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are: Publisher: International Ladies' Garment Workers Union, 718 Bergen Avenue, Jersey City, N. J. Editor: Dr. B. Hoffman, 3 West 16th St., New York, N. Y. Managing Editor: None. Business Manager: None.

2. That the owner is: International Ladies' Garment Workers' Union, 718 Bergen Avenue, Jersey City, N. J. David Dubinsky, President and General Secretary-Treas., 3 West 16th Street, New York, N. Y.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder or security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association, or corporation has any interest direct or indirect in the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

JOSEPH GLADSTONE, Circulation Manager

Sworn to and subscribed before me this 7th day of October, 1938.

SIEMON L. HAMBURGER,
Notary Public

(My commission expires March 30, 1939)

# אויפ'ן דרעסמאכער פראנט

פון נ. מ. מינקאף

(במקום א באריכט)



וליב אורזאכען, וועלכע זיינען אונזערע לעזער געוויס ניט פרעמד, פאסען מיר זיך הייניגס מאל גאנץ קורץ און די טרייד יוניאן פראגען, וועלכע מיר האבען געהאפט צו באריכטען וועלען מוזען ווארטען אויף דעם קומענדיגען מאנאט.

עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז די מעהרסטע פונאונזערע באאמטע און א באדייטענדער צאל רענק-און-פייל מיטגלידער זיינען איצינד זעהר טעטיג אין דעם פאליטישען קעמפעין. ניטא קיין געגענד אין שטאט וואו דרעסמאכער, מיטגלידער פון לאקאל 22, „לייגען ניט-צו-א-האנט" אין דער גרויסער און וויכטיגער ארבייט פון דער „אמעריקאן לעיבאר פארטי".

אין דעם 5טען דיסטריקט, בראנקס, וואו דער שרייבער פון די שורות איז א קאנדידאט פאר ווידערדערוויילונג צו דער אסעמבלי, האבען די דרעסמאכער אויף דער איניציאטיוו פון ברודער סאשא זימערמאן, מענעדזשער פון לאקאל, ארגאניזירט א ספעציעלע קאמיטע וועלכע האט גלייך עטאבלירט אן אייגענעם „קעמפעין-העדקוואדערס" אין 1301 ווילקינס עוועניו, פון וואנען עס ווערט אנגעפירט א פיבערהאפטע טעטיגקייט פון פרי מארגען ביז שפעט אין דער נאכט. די קאמיטע באשטעהט פון 65 מיטגלידער. ברודער סאשא זימערמאן איז עהרען-טשערמאן פון דער קאמיטע, נייטען מארגאליס איז טשערמאן, מאריס סטעמפער, סעקרעטאר און הערי ראבינאוויץ, טרעזשורער. אייב דייטש איז טשערמאן פון דער קענוועסערס קאמיטע, בען גאירדזשאי, טשערמאן פון דער וואטשערס קאמיטע, מאקס מעדווין איז טשערמאן פון דער פינאנס קאמיטע און מיני לוריע איז די טשערלידי פון דער רעדנער קאמיטע. נאך אייניגע סאב-קאמיטעס זיינען אויך שטארק פארנומען מיט ארויסגעבען ליטעראטור און ענליכע אקטיוויטעטען.

### מען נעמט זיך צו פראקטישער ארבייט!

זונטאג, דעם 16טען אקטאבער, איז אפגעהאלטען געווארען א פארזאמלונג פון די מיטגלידער פון לאקאל 22, וועלכע וואוינען אין 5טען דיסטריקט. קרוב צו 5 הונדערט מענשען זיינען אנוועזענד געווען. דורך דער וואך און איבערהויפט זונטאג, דעם 23טען אקטאבער, האבען מעהרסטע פון די באאמטע פון דער יוניאן און א גרויסע צאל אקטיווע מיטגלידער, באזוכט די בירגער אין דעם דיסטריקט. לויט אלע סימנים מעג מען ערווארטען, אז דער פארטיי צעטעל וועט זיגען וויניגסטענס אין דעם ארימערען טייל פון דער בראנקס.

### די ארבייט שפרייט זיך אויס!

די דרעסמאכער באנוגענען זיך ניט מיט בלויז פארזיכערען דעם זיג פון דער פארטיי אין 5טען דיסטריקט וואו, א דאנק זייער מיטווירקונג, איז דער פארטיי פארזיכערט געלונגען צו ערוועהלען אן אסעמבלימאן און א קאונסילמאן. זיי האבען זיך מיט דער זעלבער באגייסטערונג ארייגעווארפען אין קאמף אין דעם 7טען דיסטריקט, בראנקס, וואו דער 2טער ארבייטער פארטיי אסעמבלימאן איז ערוועהלט געווארען. פאר דעם צוועק צו שאפען דארט אן אקטיווע קאמיטע איז זונטאג ביינאג, דעם 23טען אקטאבער, אפגעהאלטען געווארען א פארזאמלונג וואו סאשא זימערמאן איז געווען דער הויפט רעדנער.

### פאר ברודער נאגלערס ערוועהלונג!

זונטאג, פרי, דעם 30טען אקטאבער, איז אונטער דעם אויפזיכט פון דער „דרעסמאכער קאמיטע פאר דער ווידער-ערוועהלונג פון מינקאף", אפגעהאלטען געווארען א פארזאמלונג פון אלע מיטגלידער פון לאקאל וועלכע וואוינען אין די בראנקס צו גונסטען דער קאנדידאטור פון ברודער איזידאר נאגלער, וועלכער לויפט פאר דעם אמט פון קאנגרעסמאן. ברודער זימערמאן האט אין א וואכליכער רעדע אנגעוויזען די וויכטיגקייט פון דעם הײַיאריגען קעמפעין און האט איינגעפאדערט די פארזאמלטע צו ארבייטען און שטיצען די קאנדידאטור פון ברודער נאגלער און די איבעריגע פארטיי קאנדידאטען.

### פארין גאנצען ארבייטער פארטיי צעטעל!

אויסער די דערמאנטע בראנקסער מיטינגען איז דאנערשטאג, דעם 27טען אקטאבער, אפגעהאלטען געווארען א ספעציעלע פארזאמלונג פון לאקאל 22 מיטגלידער אין דעם נייעם מאנהעטען אפערא הויז. איבער 5 טויזענט מיטגלידער האבען אנגעפילט דעם גרויסען טעאטער. פרעזידענט דובינסקי איז געווען אונזער הויפט רעדנער.

אונזער פרעזידענט האט אויף זיין אייגענארטיגען אופן אנאליזירט די הויפט-אישוס אין דעם איצטיגען קעמפעין. ער האט שטארק אונטערשטראכען די גרויסע פארדינסטען פון גאווערנאר לעהמאן, זיין מיטווירקונג אין אונזערע עקאנאמישע קאמפען מיט די בעלי-בתים און זיין באמיהונג לטובת די ארבייטער.

אויסער ברודער דובינסקי האבען אויך גערעדט די פאלגענדע: איזידאר נאגלער, קאנדידאט פאר קאנגרעס אין 23טען דיסטריקט, בראנקס; הערי גרינבערג, קאנדידאט פאר סטעיט סענאטאר און דער שרייבער פון די שורות. ברודער זימערמאן, וועלכער איז געווען דער ערשטער רעדנער, האט אויך פאספיעט אפצוגעבען א באריכט וועגען דער איצטיגער לאגע אין טרייד און אין דער יוניאן.

### רענק און פייל פינאנסירט דעם קעמפעין

עס קאסט געלט אנצופיהרען א פאליטישען קעמפעין, מען מוז האבען ליטעראטור, מען מוז האבען קווארטירען פון וואנען אנצופיהרען די ארבייט, מען מוז האבען „לאוד ספיקערס" און נאך און נאך מטלטלים מיט וועלכע די איצטיגע פאליטישע קעמפעינס ווערען אנגעפירט.

„די דרעסמאכער קעמפעין קאמיטע" האט דעריבער ארויסגעלאזען מארקעס אין דער סומע פון 10 סענט און 25 סענט, וועלכע ווערען פארקויפט אין די שעפער. עס איז צו האפען, אז די דרעסמאכער, וועלכע קענען ביישטייערען א פאר סענט וועלען עס טאן כדי די ארבייט זאל געקרוינט ווערען מיט ערפאלג.

### א ביסעלע פערזענליכעס

דער היינטיגער שרייבען און דער עצם אויפרוף וואלט געוויס געהאט אן אנדער פנים, ווען איך וואלט ניט געווען א קאנדידאט פאר ווידער-דערוועהלונג. עס איז שוועהר און ניט אנגענעם צו רעדען וועגען אן ענין אין וועלכען איינער איז אזוי שטארק פארמישט. עס איז שוין 32 יאהר זייט איך בין צוגעשטאנען צו דער פאליטישער טעטיגקייט לטובת די ארבעטענדע מאסען. איך בין אבער אלע מאל געווען א „רענק און פיילער", געשלעפט די פלאטפארמעס אויפ'ן פלייצע, פאנאנדערגעטיילט ליטעראטור, געהאלטען רעדעס, אבער אלע מאהל געשטאנען אין הינטערגרונד. איצט בין איך מגולגל געווארען צו דער מדרגה פון א „גרויסען מענשען". גרויס און קליין זינגען צו מיר כל'ערליי שבחים, ליטעראטור מיט מיין פאטאגראפיע ווערט ברייט פארשפרייט אין די גאסען. עס קעהרט זיך א וועלט מיט דעם אסעמבלימאן פון 5טען דיסטריקט.

מיינע גוטע פריינט, און נאהענטע קאלעגען וועלכע קענען מיין כאראקטער און וויסען ווי שוועהר און אונאנגענעם דאס איז אלעס פאר מיר, בארוהיגען מיך און זאגען: „אזוי דארף עס זיין", און איך, נאטירליך, מוז שווייגען און גאנץ אפט „בלאזען זיך אביסעל" ווי עס פאסט זיך פאר אן ערפאלגרייכען קאנדידאט.

צו די לעזער פון דער „גערעכטיגקייט" און איבערהויפט צו די געצעהלטע לעזער פון מיין „פראנט" וויל איך זאגען אז די אלע לויב געזאנגען און די אלע „פיקטשעס" קענען מיר מיין קאפ ניט פארדרעהען. איך האב דריי-פערטעל פון מיין לעבען ערנסט און ערליך געדינט די אינטערעסען פון די ארבייטער, איבערהויפט די קלאוק און דרעסמאכער און איך האף צו האבען די מעגליכקייט צו דינען זיי נאך פאר יאהרען און יאהרען. פאליטישע אקציע איז בלויז א טייל פון אט דער וויכטיגער ארבייט. דער עיקר איז אבער דער עקאנאמישער קאמף, די יוניאן נעכטען, היינט און מארגען. דורך אונזערע פרייע דעמאקראטישע יוניאנס קענען מיר זיך דערשלאגען צו א בעסערען און שעהנערען לעבען. דורך אונזערע פרייע און דעמאקראטישע יוניאנס האבען מיר באוויזען צו בויען א שעהנע און שוין מעכטיגע ארבייטער פארטיי. דורך אונזער פארטיי און דורך אונזערע יוניאנס וועט ענדליך קומען דער טאג פון באפרייאונג פון די ארבייטער מאסען.

דאס איז מיין אני מאמין. און אויף דעם סמך לאדע איך איך אייך צו באטייליגען זיך אין דעם איצטיגען קאמפיין פון דער „אמעריקען לעיבאר פארטיי".

# בילדונגס טעטיגקייטען און לעקציעס פון לאקאל 117 דעם מאנאט

**בראנקס — 1955 סאוטערן בולווארד, קאר. טרימאנט עוו.**

זונטאג, נאוו. 13טען, 11 פרי. הלל ראגאף. טעמע: „די באדייטונג פון די לעצטע עלעקשאנס". טשערמאן ח. פיין. ביי דער לעקציע וועט אונזער קינדער מאנדאלין ארקעסטער שפילען אייניגע פיינע נומערען.

זונטאג, נאוו. 27טען, 11 פרי. חיים גרינבערג. טעמע: „די לאגע פון די אידען איבער דער וועלט". טשערמאן ת. פריימאן.

**ספונער בילדינג—963 סאוטערן בלוורד, קאר. 163ע סט.**

זונטאג, נאוו. 20טען, 11 פרי. רודאלף ראקער. טעמע: „די דעמאקראטישע שטאטען און דער פאשיזם". טשערמאן ב. קאפלאן.

**בארא פארק — 1377—42טע סט., קאר. 14טע עוו.**

זונטאג, נאוו. 13טען, 11 פרי. ב. נאוויק. טעמע: „די איצטיגע לאגע אין איראפע". טשערמאן ת. סאלבערג.

זונטאג, נאוו. 27טען, 11 פרי. ב. ליפשיץ. טעמע: „דער וועג צו אייניגקייט אין דער טרייד-יוניאן באוועגונג". טשערמאן א. קאהן.

**איסט ניו יארק — 971 סוטער עוו., קאר. קליוולאנד סט.**

זונטאג, נאוו. 20טען, 11 פרי. דר. י. דוביצקי. טעמע: „וואס וועלען די נאדעל-טרייד ארבייטער געוואונען פון דעם שטורעמען און שבירות געזעץ?". טשערמאן מ. שוגערמאן.

**בריטאן—קאני איילאנד געגענט — 3117 קוני איילאנד עוועניו, קארנער בריטאן ביטש עוו.**

זונטאג, נאוו. 20טען, 11 פרי, ב. געבינער. טעמע: „וואס דארף זיין דער וועג פון דער אמעריקאנער לייבאר פארטיי"? טשערמאן ב. גאלוב.

**בראנזוויל — 1690 פיטקין, קאר. ראקאוועי עוו.**

זונטאג, נאוו. 13טען, 11 פרי. ב. שערמאן. טעמע: „דעמאקראטיע, פאשיזם, דיקטאטור". טשערמאן מ. סטוירליגג.

זונטאג, נאוו. 27טען, 11 פרי. ב. י. ביאלאסטאצקי. טעמע: „מארטירער אין די אמעריקאנער ארבייטער קאמפען". טשערמאן פת. קאופמאן.

אנהויבענדיג מיטוואך, נאוועמבער, דעם 16טען, וועט יעדען מיטוואך: 1:30 נאכמיטאג דורך די מאנאטען נאוועמבער און דעצעמבער, געהאלטען ווערען אין אפיס פון לאקאל 117, אפען פארומס, איבער וויכטיגע אינדוסטריעלע און ארגאניזאציאנעלע פראגען און פראבלעמען. באאמטע פון אונזער לאקאל און פון דער אלגעמיינער יוניאן וועלען אייגלייטען.

דורך הייניגען מאנאט זיינען די טעמעס און איינלייטער ווי פאלגט:

מיטוואך, נאוו. 16טען, 1:30 נאכמיטאג. ר. צוקערמאן. טעמע: „וואס זיינען אונזערע הויפט פראבלעמען"? טשערמאן י. סטענזער.

מיטוואך, נאוו. 23טען, 1:30 נאכמיטאג. דזשארדזש ווישניאק איבער „די אווערלעפינג פראבלעם-אורזאכען און לייזונג". טשערמאן י. בלאק.

מיטוואך, נאוו. 30טען, 1:30 נאכמיטאג. י. בארוכאוויטש. טעמע: „דער פארם פון קאנטראל אין אונזער יוניאן". טשערמאן ד. רובין.

דאקטאר עזריאל נאקס, וועלכער האט זיך געמאכט זעהר פאפולער ביי אונזערע מיטגלידער, וועט געבען 5 לעקציעס אין לאקאל 117 אפיס, 5 שבתים נאכמאטאג, 11 פרי, נאוועמבער 19טען און 26טען, דעצעמבער 3טען, 10טען און 17טען. דריי לעקציעס וועלען זיין אויף דער טעמע. „דער וועג צו א נייער וועלט" און צוויי לעקציעס וועגען „דעם כאראקטער און אורזאכען פון דעם איצטיגען עקאנאמישען קריזיס".

די טשערלייטע פון די 5 לעקציעס וועלען זיין י. סילקאוויץ, מ. ב. קאהן, י. בארוכאוויץ, ד. רובין און מ. דייטש.

די צוויי קלאסען צו לערנען ענגליש האבען זיך שוין געעפענט אין לאקאל אפיס. זיי ווערען געהאלטען 2 מאל א וואך: מאנטאג און מיטוואך, פון 5:30 ביז 7 אווענט. אויב איהר ווילט (און איהר דארפט עס) זיך לערנען ענגליש רעדזשיסטרירט זיך גלייך אין אפיס פון לאקאל 117.

די 2 קלאסען צו לערנען שפילען מאנדאלין האבען זיך שוין אנגעהויבען אין לייבאר סטיידזש טעאטער, 106 וועסט 39טע סטריט. אויב איהר ווילט אליין אדער אייער קינד זאל זיך לערנען שפילען מאנדאלין, רעדזשיסטרירט זיך פאר דעם גלייך אין לאקאל אפיס.

מיר האלטען איצט אין פארגרעסערען אונזער אידישען כאר, וואס ווערט אנגעפירט אונטער דעם באוואוסטען דיריגענט לאזאר ווײנער. אויב איהר האט א שטימע און ווילט זי אנטוויקלען, שליסט זיך גלייך אן אן דעם כאר. אויב איהר ווילט זיין א טייל פון דעם ברעס-בנעד קענט איהר זיך אויך אנשליסען.

מאכט ניט קיינע אפאינטמענטס פאר קריסטמאס איוו, שבת אווענט, דעם 24טען דעצעמבער. מיר האבען פאר דעם אווענט ארראנזשירט א רייכען קאנצערט און זעהר א פיינעם טאנץ-ארקעסטער, צו דער ערעפענונג פון אונזער עדיוקיישאנאל סעזאן.

עדיוקיישאנאל קאמיטע פון לאקאל 117:

י. סטענזאר, סעקרעטאר. מ. פיינבערג, טשערמאן.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XX, No. 12. | Jersey City, N. J., December, 1938 | Price: 10 Cents

## די אינטערנעשאַנעל אַלס אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן.

די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל האָט אויף איר לעצטען מיטינג אין וואַשינגטאָן באַשלאָסען, אַז ביז פרידען וועט איינגעשטעלט ווערען אין דער אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, בלייבט די אינטערנעשאַנעל אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן, אויסער ווען אַ רעגולערע אָדער ספּעציעלע קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנעל וועט אַנדערש באַשליסען.

מען קען אפשר זאָגען, אַז דער דאָזיגער באַשלוס, וואָס האָט אַרויסגערופען גרויס אויפזעהען ניט בלויז אין דער אַרבייטער באַוועגונג נאָר אויך אויסער איר, האָט פאַקטיש קיין זאַך ניט געענדערט אין דעם לעבען, אין דער פירונג און אין דעם צושטאַנד פון דער אינטערנעשאַנעל. דער באַשלוס האָט פון גרונד גענומען מער ווי אַלץ אַ פאָרמאַלען ווערט. ער האָט בלויז באַשטעטיגט אַ פאַקט, וואָס האָט שוין עקזיסטירט פון אַ לענגערער צייט, ווייל די אינטערנעשאַנעל איז פאַקטיש, אויב ניט פאָרמעל, שוין געווען אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן, זינט איר פירערשאַפט איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די סי. איי. או. געהט אויף דעם וועג צו עטאַבלירען זיך פאַר אַ פערמאַנענטע, זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציע.

איידער די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל איז זיך צוזאַמענגעקומען אויף איר מיטינג אין וואַשינגטאָן צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען באַטייליגען זיך אין דער קאָנווענשאַן פון דער סי. איי. או. האָבען אַלע, וואָס האָבען זיך אינטערעסירט מיט דער פראַגע, גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די סי. איי. או. קאָנווענשאַן וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אָהן דער באַטייליגונג פון דער אינטערנעשאַנעל. מען האָט געוואוסט וואָס עס דענקט וועגען דעם פרעזידענט דובינסקי און וואָס עס דענקען די מיטגלידער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע. עס האָט געדאַרפט פּאַסירען אַן אויסערגעוויינטליכער וואונדער, אַז אויף דעם מיטינג אין וואַשינגטאָן זאָל באַשלאָסען ווערען אַנדערש.

דער פאָרמעלער צושטאַנד פון דער אינטערנעשאַנעל אין דער לעצטער צייט ביז דעם מיטינג אין וואַשינגטאָן איז געווען, אַז זי האָט באַלאַנגט סיי צו דער סי. איי. או., סיי צו דער א. פ. אָוו ל. זי איז פאָרמעל געווען אַ טייל פון דער ערשטער און זי איז פאָרמעל ניט געווען אויסגעשלאָסען פון דער צווייטער (זי איז געווען בלויז סוספּענדירט). פאַקטיש אָבער האָט זי צו ביידען ניט באַלאַנגט און איז זיך געגאַנגען איר אייגענעם וועג. באַלאַנגען מיינט האָבען פליכטען פון איין זייט און האָבען אַ דעה פון דער אַנדערער זייט. די אינטערנעשאַנעל האָט עס אין דער לעצטער צייט ניט געהאַט אין ביידע אָרגאַניזאַציעס.

אָבער אין אונזער לעבען, בפרט אין דעם לעבען פון אָרגאַניזאַציעס האָבען פאָרמאַליטעטען דאָך אַ גרויסען ווערט. דער אונטערשייד פון אָפיציעל און אונאָפיציעל איז אָפט אַ גאַנץ וויכטיגער. דער אָפיציעלער באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע האָט אין דעם פאַל די וויכטיגקייט, וואָס ער באַשטימט די האַלטונג און די באַציהונג פון אַלע טיילען פון דער אינטערנעשאַנעל צו דער סי. איי. או. און צו דער א. פ. אָוו ל.

די פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאַנעל האָט זיך געמעגט פילען אָפּגעטיילט און אונאָפּהענגיג פון דער סי. איי. או. שוין פאַר אַ לענגערער צייט און האָט זיך אויך אַזוי געפירט, אָבער די לאָקאַל יוניאָנס און די דזשאָינט באָרדס, פון וועלכע די אינטערנעשאַנעל איז צוזאַמענגעשטעלט, האָבען געמעגט פילען אַנדערש און זיך פירען אַנדערש אין באַצוג צו דער סי. איי. או., ווייל פאָרמעל האָט די אינטערנעשאַנעל באַלאַנגט צו דער סי. איי. או. אָבער מיט דעם אָפיציעלען באַשלוס ענדערט זיך די לאַגע. עס איז אַ באַשלוס, וואָס אַלע טיילען פון דער אינטערנעשאַנעל מוזען פאָלגען. די קאָנווענשאַן אין אַטלאַנטיק סיטי האָט געגעבען דער גענעראַל עקזעקוטיווע די מאַכט צו האַנדלען אין דער פראַגע.

אין דער רעזאָלוציע וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין אַטלאַנטיק סיטי ווערט די גענעראַל עקזעקוטיווע באַאויפטראַגט „אויסצונוצען אַלע מיטלען צו שליכטען דעם סכסוך אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג, כדי זי זאָל אויסמיידען די געפאַר פון אַ נאַציאָנאַלער דואַל יוניאָן" און עס ווערט דערביי געזאָגט, אַז די גענעראַל עקזעקוטיווע „זאָל האָבען די פולמאַכט צו האַנדלען אין דער פראַגע, ווי זי פאַרשטייט, ביז צו דער קומענדער קאָנווענשאַן". דער באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אויף איר מיטינג אין וואַשינגטאָן איז דעריבער בינדענד און דאַרף אויסגעפאָלגט ווערען פון אַלע טיילען פון דער יוניאָן.

עס דאַרף דערביי אויך אונטערשטראָכען ווערען, אַז דער באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע איז ניט געווען בלויז וועגען דער סי. איי. או., נאָר אויך וועגען דער אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר. די אינטערנעשאַנעל איז דורך דעם באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע ערקלערט געוואָרען פאַר אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן, וואָס באַלאַנגט צו קיין איינער פון די צענטראַלע טרייד יוניאַן קערפּערשאַפטען אין אַמעריקא.

עס וואָלט געווען פאַר דער גענעראַל עקזעקוטיווע אַ גאַנץ וויכטיגע זאַך צו באַשליסען, אַז זי געהט ניט מיט דער סי. איי. או. שאַפען אַ נייע פערמאַנענטע זעלבסטשטענדיגע צענטראַלע טרייד יוניאָן קערפּערשאַפט. די אינטערנעשאַנעל האָט פון אָנפאַנג אָן, ווען זי איז צוגעשטאַנען צו דער סי. איי. או. קלאָר געמאַכט פאַר וועלכע צוועקען זי טוט עס און ווי ווייט זי האָט בדעה צו געהן. די ערקלערונג איז געמאַכט געוואָרען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אויף איר מיטינג אין דעצעמבער 1935, אין קליוולאַנד. עס ווערט אין איר געזאָגט:

„אַזוי ווי מיר זיינען פאַר אַן ענדערונג אין די אָרגאַניזאַציאָנס־מעטאָדען, וועלכע ווערען אָנגעווענדעט אין די מאַסען־פּראָדוקציע אינדוסטריעס, און אַזוי ווי מיר באַגרייפען, אַז גרעסערע און מעהר ערפאָלגרייכערע רעזולטאַטען קענען דערגרייכט ווערען דורך געמיינזאַמער אַקציע, האָבען מיר, נעמענדיג דאָס אין באַטראַכט, זיך אָנגעשלאָסען אַן דער „קאָמיטע פאַר אינדוסטריעל אָרגאַניזיישאַן" (סי. איי. או.), און אונזער יוניאָן וועט געבען דער דאָזיגער קאָמיטע איר פולע שטיצע אַזוי לאַנג ווי זי (די סי. איי. או.) וועט זיך האַלטען ביי אירע אָריגינעלע אויפגאַבען".

די באַדינגונג איז אַלזאָ, פון אָנפאַנג אָן געווען, אַז די אינטערנעשאַנעל וועט אַזוי לאַנג שטיין מיט דער סי. איי. או., ווי לאַנג די סי. איי. או. וועט זיך האַלטען ביי אירע אָריגינעלע אויפגאַבען. די ערקלערונג איז דעמאָלט געמאַכט געוואָרען פאַר דעם צוועק צו פאַרזיכערען זיך גלייך פון אָנפאַנג אין דעם פאַל ווען די סי. איי. או. וועט זיך אַנטוויקלען אין אַ דואַל יוניאָן באַוועגונג, ווי דאָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען אין דער דעבאַטע וועגען דער פראַגע.

ווען עס האָט, אַלזאָ, פּאַסירט, אַז די סי. איי. או. האָט זיך אַנטוויקעלט אין אַ דואַל יוניאָן באַוועגונג איז פאַר דער אינטערנעשאַנעל געבליבען איין וועג — אַוועקגעהן פון דער סי. איי. או. וועגען דעם איז ניט געווען אַפילו וואָס צו דיסקוטירען. אַ פראַגע צו דיסקוטירען איז אָבער געווען: וואָס ווייטער?

באַשליסט בלויז די אינטערנעשאַנעל, אַז זי גייט אַוועק פון דער סי. איי. או. און דאָס אַלץ?

אויב בלויז דער באַשלוס ווערט אָנגענומען וואָלט די אינטערנעשאַנעל געדאַרפט לאָגישערווייז אויטאָמאַטיש ווערען צוריק אַ טייל פון דער אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לייבאָר.

די אינטערנעשאַנעל איז ניט אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער א. פ. אָוו ל. זי איז בלויז סוספּענדירט געוואָרען, ווייל זי האָט ניט געפאָלגט איר פאָדערונג אַרויסצוטרעטען פון דער סי. איי. או. ווען אָבער די אינטערנעשאַנעל איז אַרויסגעטראָטען פון דער סי. איי. או. דאַרף ממילא אַוועקפאַלען די סוספּענדירונג. דאָס האָט אָבער די פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאַנעל אין דעם איצטיגען מאָמענט ניט געוואָלט. זי האָט נעמליך ניט געוואָלט זיין אַ צד אין דעם שטרייט צווישען דער סי. איי. או. און א. פ. אָוו ל. און העלפען דעם קאַמף פון איין אָרגאַניזאַציע געגען דער צווייטער, נאָר זי האָט געוואָלט בלייבען פאַר דער צייט אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן, וואָס קען העלפען ווירקען, אַז דער שטרייט אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג זאָל אָפּגעשטעלט ווערען און אַ פרידען זאָל געשאַפען ווערען.

דאָס ווערט קלאָר אויסגעדריקט אין די פאָלגענדע ווערטער פון דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אויף איר מיטינג אין וואַשינגטאָן:

„מיר זיינען איבערצייגט, און דאָס איז אַלע מאָל געווען אונזער שטאַנדפּונקט, אַז בלויז איין פאַראייניגטע אַרבייטער באַוועגונג אין לאַנד קען ברענגען די געווינשטע רעזולטאַטען צו אַלע אַרבייטער, סיי אין די מאַסען־פּראָדוקציע און סיי אין די פאַך־אינדוסטריען, און אַז בלויז איין פאַראייניגטע אַרבייטער באַוועגונג איז מסוגל צו באַשיצען די אַרבייטער פון אירע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שונאים.

„זייענדיג טיף פאַראינטערעסירט, אַז שלום צווישען ביידע שטרייטענדע צדדים זאָל געשאַפען ווערען, באַשליסען מיר דעריבער, אַז ביז שלום וועט געשאַפען ווערען אין דער אַרבייטער באַוועגונג זאָלען מיר פאַרבלייבען אַן אונאָפּהענגיגע אָרגאַניזאַציע".

זייענדיג אַן אונאָפּהענגיגע אָרגאַניזאַציע פאַרשפּרעכט די אינטערנעשאַנעל ווייטער אין דער רעזאָלוציע, אַז זי וועט „אין דער צוקונפט פאָרטזעצען צו שטיצען יעדען אויפריכטיגען פאַרזוך סיי פון דער סי. איי. או. און סיי פון דער א. פ. אָוו ל. פאַר פרידען און וועט אויך העלפען אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט, וואָס ביידע אָרגאַניזאַציעס וועלען אָנפירען פאַר דער פאַרבעסערונג פון די באַדינגונגען פון די אַרבייטער".

אָט אין דעם ליגט די גרויסע באַדייטונג פון דעם באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אויף איר מיטינג אין וואַשינגטאָן וועגען דעם נייעם סטאַטוס פון דער אינטערנעשאַנעל ערקלערענדיג איר פאַר אַן אונאָפּהענגיגער יוניאָן.

מיר ווילען האָפען, אַז אָט די שטעלונג פון דער אינטערנעשאַנעל וועט פיל ביישטייערן צו די באַמיהונגען, וואָס ווערען געמאַכט צו שאַפען פרידען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און עס וועט לאַנג ניט דויערען און מיר וועלען האָבען אַ פאַראייניגטע צענטראַלע טרייד יוניאָן אָרגאַניזאַציע פון וועלכער די אינטערנעשאַנעל וועט זיין אַ טייל.

# ערווײלט אַלע קאַנדידאַטען פון דער לעיבאָר פּאַרטיי

יעדער מיטגליד פון א יוניאָן, יעדער פּראָגרעסיווער בירגער, יעדער מענש וואָס איז פאַראינטערעסירט אין א גוטע, ריינע, עהרליכע און מענשליכע רעגירונג, דאַרף גיין אין די שטים־פּלעצער עלעקשאָן טאָג צו ערווײלען די קאַנדידאַטען פון דער ארבייטער פאַרטיי צו די עמטער, אום צו פאַרזיכערן די ערוויילונג פון געזעצגעבער און ריכטער, וועלכע זיינען איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון פאָלק.

באַנוגענט זיך ניט בלויז מיט אַליין שטימען פאַר דער לעיבאָר פאַרטיי. זעט אז אלע מיטגלידער פון אייער פאַמיליע, אלע אייערע פריינד און שכנים זאָלען גיין שטימען און שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער אָ. ל. פּ.

PUSH DOWN EVERY LEVER ROW C

AMERICAN LABOR PARTY CANDIDATES

| | 1 Governor | 2 Lieutenant Governor | 3 Comptroller | 4 Attorney General | 5 United States Senator | 6 United States Senator |
|---|---|---|---|---|---|---|
| A | 1A | 2A | 3A | 4A | 5A | 6A |
| B | 1B | 2B | 3B | 4B | 5B | 6B |
| C | 1C LEHMAN | 2C POLETTI | 3C POST | 4C O'LEARY | 5C WAGNER | 6C MEAD |

כדי צו שטימען פאַר אַלע קאַנדידאַטען פון דער אמעריקען לעיבאָר פאַרטי, דריקט אַרונטער יעדען ליווער אין דער רייה „סי” איבער דער גאַנצער ברייט פון דער מאַשין און לאָזט זיי אין דער פּאָזיציע, ווי אילוסטרירט אין דער צייכענונג. די נעמען פון אלע קאַנדידאַטען פון דער אמעריקען לעיבאָר פּאַרטיי געפינען זיך אין רייה „סי”, די דריטע שורה פון אויבען. דריקט ארונטער די אַלע ליווערס און לאָזט זיי אזוי.

## די שטעלונג פון דער לעיבאָר פּאַרטיי צו די אַמענדמענטס

**נומער 1 — שטימט ניין.**

דאָס איז דער „טשאָפּ-סואי” אַמענדמענט, ענטהאַלט מאַנכע גוטע פּונקטען, אָבער מעהר שלעכטע פּונקטען ווי גוטע. שטימט געגען דעם.

**נומער 2 — שטימט ניין.**

די מאַשין פּאָליטישענס זוכען צו פאַנאַנדערטיילען דעם סטעיט פאַר לעגיסלאַטיווע דיסטריקטען ווי עס איז פאַר זיי גינסטיג. שטימט געגען דעם.

**נומער 3 — שטימט ניין.**

זיי ווילען באַפרייען די אייזענבאַנען פון די אויסגאַבען פאַר ארונטערנעמען די גרעיד קראָסינגס. דאָס וועט אַרויפלייגען די קאָסטען אויף די טעקס צאָהלער און די וואָס צאָהלען רענט. שטימט דאַגעגען.

**נומער 4 — שטימט יאָ.**

דער אַמענדמענט מאַכט אָן אָנפאַנג אָנצוהויבען אַ פּראָגראַם פאַר מענשליכע וואוינונגען. עס איז נים גענוג, איז אָבער אַ שריט אין דער געהעריגער ריכטונג. שטימט פאַר דעם.

**נומער 5 — שטימט ניין.**

דאָס איז אַ פּאַרזוך פון די יוטיליטי קאָרפּאָריישאָנס און די פּריווילעגירטע גרופּען צו פּאַרקריפּלען די אַדמיניסטראַטיווע אַגענטורען פון סטעיט דורך פאַרגרעסערען די מאַכט פון די קאָורטס. שטימט געגען דעם.

**נומער 6 — שטימט יאָ.**

עס איז באַגרעניצט. אָבער עס אָנערקענט און גאַראַנטירט מאַנכע פון די גרונט־רעכטען פון די אַרביימער. עס איז אַ שריט פאָראויס. שטימט פאַר.

**נומער 7 — שטימט ניין.**

דער אַמענדמענט זוכט צו פאַרניכטען פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט געגען דעם ווילען פון דער ניו יאָרקער באַפעלקערונג. דאָס איז די שענדליכסטע האַנדלונג פון די מאַשין פּאָליטישענס פון דער קאָנסטיטושאָנעל קאָנווענשאָן. שטימט עס אַרונטער.

**נומער 8 — שטימט יאָ.**

דאָס איז אַ שריט אין דער ריכטונג פון אונזערע אידייען פאַר געזעלשאַפטליכען וואוילזיין. עס איז נים פאָלקאָם, אָבער ענטהאַלט פיל גוטעס. שטימט פאַר דעם.

**נומער 9 — שטימט יאָ.**

דער אַמענדמענט ערלויבט די שטאָט ניו יאָרק אָפּצוקויפען פּאַרקערס מיטלען פון פּריוואַטע אייגנטימער און דורכפירען אַ פאָלשטענדיגע פאַראייניגונג פון טראַנספּאָרטאַציע. עס איז אין דעם נישט קיין וואָרט וועגען פאַרזיכערען די פינף סענט פעיר און קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען מיט די אַרביימער. דערפאַר וועלען מיר קעמפען. שטימט אָבער פאַר דעם אַמענדמענט.

אויסצוגעפינען די נעמען פון אַלע אַנדערע קאַנדידאַטען און פאַר וועלכע עס איז אינפאָרמאַציע וועגען קאַנדידאַטען, שרייבט אָדער טעלעפאָנירט צו אמעריקען לייבאָר פארטי העדקוואָדערס, 151 וועסט 40טע סטריט, ניו יארק. טעלעפאָן לאָנג אייקער 5 — 0500.

**GERECHTIGKEIT**
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 11 November, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

## קאַנדידאַטען פון דער לעיבאָר פּאַרטיי

### פאַר סטעיט עמטער

גאַווערנאָר — הערבערט ה. לעהמאַן.

ליוטענאַנט גאַווערנאָר — טשאַרלס פּאָלעטי.

יו. ס. סענאַטאָר (לאַנגען טערמין) — ראָבערט פ. וואַגנער.

יו. ס. סענאַטאָר (קורצען טערמין) — דזשעימס מ. מיעד.

קאָנטראָלער — לענגדאָן וו. פּאָוסט.

אַטוירני דזשענעראל — דזשאָזעף וו. אָ'לירי.

קאָנגרעסמען עט לאַרדזש:

קאַראָליין אָ'דעי.

מעטהיו דזש. מעריט.

### פאַר קאָנגרעס

| | |
|---|---|
| וויליאַם ב. באררי | וויליאַם י. סיראָוויץ |
| בערנאַרד קלעבאַן | דעניעל דזש. מעק'ראַנאַ |
| טהאָמאַס ה. קאָללען | דזשיימס ה. פעי |
| וויליאַם דערמאַדי | דזשאָרדזש בעיקער |
| גוסטאַוו דריוס | מאַרטין סי. קיין |
| דאָראָטהי בעלאַנקא | דזשאָזעף שלאָסבערג |
| סמענסער ביניאַן | ווימאַ מאַרקאַנטאַניאָ |
| עמאַניועל סעללער | דזשאָזעף א. קאַוואַגאַן |
| דזשאַהן וו. מוירפי | טהאָמאַס סי. אָ'לירי |
| סעמיועל דיקסטעין | איזידאָר נאַגלער |
| יודזשין קאָנאָלי | באַרטאָלאָמיו מוירפי |

### פאַר סטעיט סענאַט

| | |
|---|---|
| וויליאַם פּאָוער | הערי גרינבערג |
| דזשאָן פּ. עקס. שערידאַן | האַראָוי ל. שוואַם |
| פּוליפּ בראַון | דזשאַהן ס. סאַליוואַן |
| דזשאָרדזש ריפּקין | הערמאַלד באַער |
| דזשאָרדזש דזש. בעלדאָק | וויקטאָר ס. געטנער |
| לואיס סעידאָף | פרענק רודאָק |
| אויגנסט דזש. וואַום | דזשאָזעף בעלסקי |
| לואיס לאַמבערט | עלי קריגער |
| אירווינג סי. וועלסאַן | אייבערעהעם מואווים |
| אַללען גודווין | קאַרל פּאַרסאָנס |
| אַללען טאַוב | דעלמאַר בריקמאַן |

### פאַר אַסעמבלי

#### קינגס קאָונטי

| | |
|---|---|
| לואיס וו. אַליפע | לואיס ריגער |
| בענדזשאַמין ברענער | אויגוסט קלעסענס |
| פרענק רוסאָ | דזשאָרדזש ראָדזשערס |
| אייזיק בלום | סאַלוואַטאָרע סי. דע'מאַטעאָ |
| פרעד ג. מאַליגאַן | טהעאָפּילוס דזשיי. אַלקאַנטאַרע |
| ראָבערט דזש. קרוס | אירווין סטיינגוט |
| וויליאַם וועני | פּיטער באַנאַנאָ |
| ניגא פּ. באַיאַי | דזשאָזעף איי. מאַרטשעטי |
| פרענסיס אי. דאָדן | טשאַרלעס איי. ברייטבאַרט |
| אירווינג סי. מאַלפּץ | הייטאַן וואַלדמאַן |
| פּעטריק דעוויט | פרענק טאַנאַקאַ |

#### ניו יאָרק קאָונטי

| | |
|---|---|
| דזשוזעפּע וואַליסענטי | טהאָמאַס אי. סטאַן |
| סאַלוואַטאָרע באַנאַנאָ | וומ. פּעטריק מאָרראַי |
| דזשאַהן אי. בורקע | קליפאָרד מעק'אַוואָי |
| דייוויד זווערדלינג | ראָבערט וואַגנער, דזשוניאָר |
| אַרטור דזשיי. האַרטלי | אָסקאַר גאַרסיאַ־ריווערע |
| מייער גאָלדבערג | דזשאָזעף איי. באַקיא |
| וויליאַם טי. מידלטאָן | מאַרק אי. ריוועירס |
| דזשאָרדזש האָראָוויץ | אַנטהאָני גאַידאַ |
| בעללא דאָוד | וויליאַם טי. אַנדריוס |
| סעמיועל מ. בלינקען | וויליאַם מיללער |
| לואיס טאָמפּקא | סעמיועל הענדעל |

#### בראָנקס קאָונטי

| | |
|---|---|
| רימשאַרד דזשיי. בראַון | נאַטהאַניעל מ. מינקאָף |
| אייבערעהעם ל. רובענשטיין | דזשאַהן פּ. אָ'דאָנעלל |
| מאָריס פוקס | דזשעראַרד דזש. מושיגראָסאָ |
| מייער לעווענסטיין | דזשאָרדזש סטיינהאַרדט |

#### קווינס קאָונטי

| | |
|---|---|
| קילליאַם גראַגאַן | וויליאַם דזשיי. פּאָועל, דזשוניאָר |
| לעראָי מעק'ליען | אַללען ר. מעפּט |
| מייקעל ד'אָוזאָרע | דזשאָהן פּעררי |

#### ריטשמאָנד קאָונטי

1טער דיסטריקט — טאָמס אי. האָרסאָן

2טער דיסטריקט — דזשאָזעף בי. אינגליש

#### דזשודישעל קאַנדידעיטס:

סופּרים קאָורט, 1טער דזשודישעל דיסטריקט — סעמיועל האָלל, אגנעס מ. קראַס

קאָורט אָוו דזשענעראַל סעסיאָנס, ניו יאָרק קאָונטי — מאַטהיו מ. ליוויי

קאָונטי קאָרט, קינגס — לואיס וואָלדמאַן

סיטי קאָורט, קינגס — וויליאַם טי. סימפּסאָן

סיטי קאָורט, קינגס — עדמונד דזשיי. פּאַלם ערי